איזי כאריק

# קײַלעכדיקע װאָכן

מעלוכע־פארלאג
פון װײַסרוסלאנד
ייִדסעקטער
מינסק 1932

. . . . . .

צווייטע וואכטע.

דריטע וואכטע.

גייט א מאכנע

נאָך א מאכנע.

אלע־אלע־אלע־אל

אלע גייען צום אווראל.

ס׳גייט דער פלייציקער אמבאל,

ס׳גייט דער גרייזער קאָמיסאר,

ס׳גייט דער יונגער בריגאדיר,

ס׳גייט דער רויטער קאָמאנדיר.

אלע מיר און אלע מיר:

איין פארגלויבטער בריגאדיר.

ס׳גייט אהער סוראכאני,

ס׳גייט אהער באלאכאני,

ס׳גייט אהער בינאגאדי,

ביבי־עיבאט און סאבונטשי.

אלע־אלע־אלע: — היי!

אלע־אלע־אלע: — מיי!

אלע־אל און אלע־אל

אלע גייען צום אווראל.

ס׳גייט דער פערס מיט צימרינג־הויט,

ס'גייט דער טיורק, געזונט ווי ברויט,
ס'גייט דער רוס, און דער גרוזין,
און דער מײַסטער פון בערלין,
און דער גארבער פון סמארגאָן,
די גארבארעס,
די מאליארעס,
מאָטאָריסטן,
טראקטאָריסטן,
און די שטרענגע מעטאליסטן
אלע־אלע קומען אָן.
אלע־אלע־אלע: — ברויט!
און, ווי כנא מעשוגע־רויט,
ראנגלט זיך די זורנע.
זורנע־טארע־טארע־טארע־
זורנע־טארע־קאמאנטשא.
און די טרויבן־די טראָמבאָנען
פלאטערן, ווי בונטע פאָנען,
העכער פון אָרקעסטער.

האָט די פידל הויך דאָס קעפעלע פארהויבן:
— פײַן, פײַן.
האָט די פידל זיס דאָס קעפעלע פארבויגן:
— פײַן, פײַן.
פידל־פײַן.
פידל־פײַן.
— מיר וועלן אלע בויער זײַן.

מאָנטיק־דינסטיק־מיטוואָך־דאָנערשטיק און פרייַטיק,—
אַלע טעג פאַרברידערטע און אַלע טעג באַפרייַטע.

קייַלעכדיקע מונטער־טעג, ווי בריגאַדירן גייען,
אין בויונג־בוי, אין יאָנטעוו־בוי — א ליכטיקער קאָנווייער.

מיר וועלן באַלד אַרויסגיין דאָ אינמיטן פון א מאָנטיק,
פרייען זיך מיט אַלעמען אין שטענדיקייַט פון יאָנטעוו.

מיר וועלן זיך אַרומקוקן: קיין שאַבעס און קיין זונטיק —
אַלע טעג פולבלוטיקע און האָפערדיק־געזונטע.

עס וועלן טעג פאַרמאָגן דאָ אַם שענסטער פון פלאַנעטן —
מעכטיקייַט פון מוסקולן און הערצער פון פאָעטן...

1 ——

פון אוראַלט ביז אוראַלט אַן אייביקער מאָך
עסט זיך אַרייַן אין די הימלען.
דאָס לעבן — איין לאַנגע פאַרומערטע וואָך:
שווייַגעניש. שטומעניש. שימל.

קוקט דורך די האָריקע כמאַרעס די זון,
קען זי די ערד ניט פאַרטראָגן, —
ס'ווערט אַזוי הויל און ניטהיימלעך דערפון,
נעמען די כייַעס דאַן קלאָגן.

זיי רעווען, זיי ריטשען אף זייער געביין,
מיט ווארעמע מײַלער זיי טאפן...
הערנער־געפלעכט. צעעפנטע ציין,
טומפיקע שווערקײַט פון לאפעס.

פליעסקעט אין וואסער דער זילבערנער העכט,
פרייט זיך דער גילדענער שלײַען.
און דאָרשטיקע יעגער נאָך בלוט און געפעכט
גייען ארום דאָ פארטײַען...

דער פישער פארווארפט דאָ זײַנע הארבסטיקע נעץ,
בא וועלפישע גריבער—דער יעגער.
און יעדערער גרייט דאָ אין מאָכיקער נעץ
די הארטע, צעוואקסענע נעגל.

דאָ כאָלעמט זיך יעדן דער רויעך פון בלוט,
די נעזלעכער שמעקן אין גלוסטונג.
די גאנצענע ערד ליגט פארהראזניעט אין ברוד
און אָטעמט מיט ליידיקער פוסטקע...

עס יאָגן זיך אום נאָר צעביייזערטע וועלף,
און מענטשן פארטשאטעטע לוגן...
און ס'לייגט זיך דער הימל אזוי, ווי א פעלץ.
הונגער. געוואָי. און מעשוגע.

ליגט ערגעץ פארוואָרפן א שטרייענע דאָרף,
אין שיטערע שינדלעך—א שטעטל.
די גאנצענע וועלט איז באוואקסן מיט טאָרף,
וועט קיינער ניט קענען שוין רעטן...

ס'איז ערגעץ אין הימלען פאראנען א גראף,
און ערגעץ — א גוויר און א סראָרע.
נאָר מיר זיינען עלנט, און מיר זיינען שלאף,
און מיר זיינען — גאָרנישט־מיט־גאָרנישט.

ווי ווארעמע מאָכן דאָ הויערט דער שלאָף,
ווי אייביקע טאָרפן — דער דאלעס.
שטעטלעך פארמאָגן א טכוירענעם ראָוו,
דערפלעך — א פלאקסענעם גאלעך.

2 ——

האָראָוו: — שאבעס — איז העכסטע נעשאָמע־יעסוירע,
זיידענער פלאטער פון ווייסע מאלאָכים.
און זונטיק — ער יושעט, ווי ס'יושען כאזיירים,
געפרעסן, געזויפן און — אָנגעמאלאָכעט,

אָי, אונדזער שאבעס,
אַי, אונדזער שאבעס.

האגאלעך: — זונטיק — איז גאָלדענער טריט פון איקאָנעס,
ווארעמער ווייַרעך פון פאניקאדילעס.
פריער — אין קלויסטער, דערנאָך דער הארמאָניק
דורך טענץ און דורך פרייד און ביז בענקשאפטן שטילע,

אָי, אונדזער זונטיק,
אַי, אונדזער זונטיק.

— שאבעס — א ווייסער מיט פעדעמלעך בלויע.
— זונטיק — א בונטער מיט רויטע קוטאסן.

— זונטיק? ס׳איז גאָרנישט. כאמוירים און גאָים.
— שאבעס? ס׳איז גאָרנישט. פארכאטע און בלאסע.

— אייער שאבעס,
אייער שאבעס—
שטויב. אש.
שיידים. מייסים. מעכאשייפעס.
א שאבאש.
א שאבאש!

— היי, היי, היי,
א ייִד איז ניט קיין גאָי.
שיקער איז ער,
טרינקען מיז ער...
— טפוי!
— טפוי!

— 3

אָ־וואו!—פון דער ערד ביז די הויכן.
אר־וואו!—פון די הויכן ביז־דאָ.
עס נידערט די גאָלדענע שאָ,
ווערט אלץ מיט שאבעס פארצייכנט.

דאָרט, הינטער הימלשן פאס,
קלייבן זיך פויגעלעך־טפילעס.
און ס׳גרייט זיך א צנוע, א שטילע
די מאלקע פון שאבעס צו גאסט.

פאמעלעך. פאמעלעך. פאמעלעך.
אפ טרעפּלעך פון פאַרמעט זי נידערט.
און סטײַעס מאַלאָכימלעך העלע
זינגען פאַרצוקערטע לידער.

ס'טריפן די הימלען מיט זיסקײַט,
מיט איידלקײַט, מיט סיראָדאָי.
און ס'באַהאַלט זײַנע קרעמערשע שליסלעך
דער ייִדישער גאָט—אַדוינאָי.

שליסט מען שוין אונטן די קראָמען,
מע טוט אָן די שלעסער פאַרבענקט.
געלויבט איז דײַן הייליקער נאָמען,
וואָס דו האָסט אונדז שאַבעס געשענקט.

שאַבעס, אָ, וואַרעמער בוימל,
וואָס פליסט אין אַ רויִקער טײַך.
דו טוויוולסט די ייִדן איינעם—
ברידער—סײַ אָרעם, סײַ רײַך...

דער בלײַענער גרויל פון יאַרידן
צעגייט אין דעם הייליקן אייל...
אוי, גוט וואָס דו האָסט אונדז פאַר ייִדן
אָט דאָ אפ דער וועלט אויסדערוויילט...

דו גיסט אונדז אַ וואָך אפ געטומל,
שאַבעס—אפ טײַנעג און רו.
מיר זײַנען איין הייליקע אומע
און אונדזער דערלייזער ביסטו.

גענייוועס, געוויינ און פֿארדראָסנ
ווערנ מיט שאלווע פֿארוועבט...

רויִקער.
שאבעס—
שאבאָסנ
שפרייט זיכ אפ יִדישע קעפּ...

אטאָבעכארטאָנו—מיר די אויסדערוויילטע—
שטענדיק אינ די שולנ, ווּכניעסדיקער ווילטאָג,

אז ווּ איז נאָכ א פֿאָלק אזא א הייליקע פֿאראנענ,
גאָטעניו, „אל קנאָ, אל רחום וחנון”.

שיק אונדז צו כעיונע אזויפֿיל און אזויפֿיל—
זונטיק וועלנ גאָיִם שיקערנ און זויפֿנ.

קענענ זיי נאָר טרינקענ, שלאָגנ זיכ און הוליענ.
האלעל־האלעלויע, האלעל־האלעלויע.

זיי זײַנענ כאמוירים אזעלכע און אזוינע
און מיר זײַנענ, לעהאוודל, הייליקע און ריינע...
ווײַל—

אז א ייִד גייט אינ בעסמעדרעש ארײַנ,
אינ בעסמעדרעש ארײַנ,
אינ בעסמעדרעש ארײַנ,

פארדעקסטו אונדז מיט דײַנע הײליקער שײַנ,
מיט דײַנע הײליקער שײַנ,
מיט דײַנע הײליקער שײַנ,

הײ, הײ, הײ,
א ייִד איז גיט קײנ גאָי, —
הײליק איז ער,
האנדלענ מיז ער — — — —
— — — — — — — —

— — — — —

— 4

װוקסיק אונ ברײט איז די שטוב בא רעב־כעזקל פונ גאָמבינ.
װוקסיק געבויט אונ פארלײגט אפ א פעסטנ פונדאמענט.
די טירנ — פארהויבנ. די שויבנ — געשײַערט. די מעבל — אינ סאמעט.
שפאנט ער ארום, אָט דער כעזקל, מיט זעטיקער רו אפ דער גאָמבע.

פונ מײַרעװ געקומענ. איצט מאכט ער פאװאָליע האװדאָלע.
— װעיִטענ לעכאָ מיטאל האשאָמאיִם אומישמאני האָאָרעצ — — —
די שפײַכלערס באלאָדנ מיט פלאקסנ, מיט װײצנ, מיט קאָרנ
אונ ס'כראָמשקענ דעם גאָלדענעם האָבער די פערד אינ סטאדאָלע.

עס װארטנ די בעהײמעס אפ מעלקנ אינ װארעמע שטאלנ
אונ טרײסלענ געראָטנ מיט פולע אונ װארעמע אײַטער.
ציִענ זיך װעגנ פונ שטעטלעך אונ דערפעלעך װײַטע,
שטראָמענ אהערצו אונ בלײַבנ צעטראָטנ דאָ אלע...

אימ ברענגענ די דערפער די ערשטלינגענ־טוװעס צופירנ.
נאָך רוילעכע קערנער אינ פײַנ אונ אינ הונגער געדראָשנ.

און שטעטעלעך שיקן דעם לעצטן, פארבלוטיקטן גראָשן,
זינגט ער פּאוואָליע:—אַל־טירא, אַל־טיראָ, אַל־טיראָ!...

די פליטן צעלאָזן, שווימען זיי איצטער קיין דאנציק.
און דאָרפישע יונגען אַפּ טײַכן באַזינגען-באוויינען די דאָליע.
אָט, שפּאנט ער. אָט, גייט ער. אָט, זיצט ער. פּאוואָליע. פּאוואָליע.
און ס'דאכט: דער ריבוינעשעלוילעמו אפילע געהערט אים אינגאנצן...

אי, גוט איז. אי, ווויל איז. איצט נעמט ער אביסעלע מאשקע—
— לעכאיִם, לעכאיִם, און לעבן זאָל ווערן נאָך לײַכטער.
קומען אַלמאָנעס און ברענגען געשײַערטע מעשענע לײַכטער.
— נאט אײַך, רעב־כעזקל, ניטאָ שוין קיין בעסערער מאשקן...

ברענגען די שוסטער מאשקאָנעס און בעטן אנטלײַען אַפּ רימען.
קומען די שנײַדער און ברענגען די קעפּלעך פון זינגער־מאשינעס.
— אי, גאָטעניו־זיסער, איך גיב דײַנע אָרעמע ייִדן פּארדינען,
מיר זײַנען מיט מיצוועס פּארפּולט, ווי מיט יאָדרעס פּארפּולט איז דער רימוין...

אי, גוט איז. אי, ווויל איז. איצט נעמט ער א צווייטן לעכאיִם.
— הערסט, רעב־יעכעזקל, מיר וועלן דערלעבן, דערהארגן!
אָט, טרינקט ער. אָט, זיצט ער. אָט, שפּאנט ער. א ווארע! א ווארע!
און ס'שטראָמט אין די גלידער א שיקערער, פרייַלעכער פּײַער.

— היי, ייִדן, היי, גאָיִם, קאבצאָנים־דאלפּאָנים־עווייונים,
נאט אײַך און טרינקט פאר מײַן קאָוועד א שטארקן לעכײַיִם!
וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען איך וואָלט אײַך ניט וועלן אנטלײַען?—
איר וואָלט, ווי די קלאָווים צעפּייגערט—איר אַלע אזעלכע־אזוינע.

ליגן אף טישן—טאַלייסים, כאַליאַוועס און גאָלדענע צלאָמים,
בערדיקע פּעלצן, סורדוטן און שטיקער פון טומע...
האָט רעב־כעזקל באַפוילן דער רעבע זאָל קומען,—
איז דער רעבע געקומען פרום, ווי אַן אָמיין.

איז געקומען דער גאַבע, דער כאַזן, דער שאַמעש:
— רעב־כעזקל, גוט־וואָך אייַך, רעב־כעזקל—יעכעזקל!
האָט מען צעזעצט זיך באַ טישן געוועקסטע
נאָכאַמאָל פראַוועון דעם אוינעג שעל־שאַבעס.

האָבן זיי צעזעצט זיך אַלע באַ די טישן
און האָבן זיך גענומען פאַר די פליישן און די פישן
— אײַ, טשירי־בים־באָם,
— אײַ, טשירי־באָם!

האָבן זיי געטרונקען פון דער היילִיקער פליאַשקע,
לעבן זאָל, אײַ, לעבן זאָל, אײַ, לעבן זאָל די מאַשקע.
— אײַ, טשירי־בים־באָם,
— אײַ, טשירי־באָם!

און זײַנען זיי אַלע בעגילופנדיק געוואָרן,
האָבן זיי געשיקט נאָך די פרייַלעכע קלעזמאָרים.

זײַנען די קלעזמאָרימלעך
געקומען מיטאַמאָל.
פידל־פלייט,
צימבל־באַס,
פידל־פלייט און פּײַפּיאָל.

האָבן זיי צעשטעלט זיך אַלע באַ דער טיר.
זיי ווילן מעסאַמייעך זײַן דעם רעבן און דעם גוויר.

— העפקער־הויל און העפקער־אָרעם,
מיר, די פריילעכע קלעזמאָרים,
װאָס זשע זאָלן שפּילן אײַך?
עפּשער שפּילן אײַך אַ פריילעכס?
עפּשער שפּילן אײַך אַ װאָלעכ?
עפּשער שפּילן אַ „סטראַדאַניע",
װאָס זאָל ריידן, װי אַ טײַך?

— שפּיל, קאַפּעליע,
שפּיל, קאַפּעליע,
פונעם דיל און ביז דער סטעליע, —
שפּיל, שפּיל,
װײַל רעב־כעזקל נאָכעס װיל,
װײַל דער רעבע כעדװע װיל.
— שפּיל,
— שפּיל!

האָבן די קלעזמאָרים זיך פאַרנומען מיטאַמאָל —
זײַנען זיך די סמיטשיקעס פאַרגאַנגען אַזוי זיס,
דער באַס האָט אָנגעהױבן טרעטן אַף די פיס
און ס'פּלאַטערן שוין פייגעלעך אין דינעם פײַפיאָל.

— יאָשקע — אַף דער פידל,
בערל — אַף דער פלייט.
מיר זײַנען אַלע ייִדן
פאַרברידערט און פאַרדרייט.

מיר בלײַבן שטענדיק ייִדן
אַפילע נאָכן טויט,
טאָר מען ניט צערײַסן
אונדזער גאָלדן־קייט.

5 ———

האָט דער רעבע פֿאַרצויגן אַ הייליקן ניגון:

אַ לויב צו געצעלטן פֿון „שם“,
אַ לויב צו די קינדער פֿון „שם“,
מיר נאָר, אוי, מיר נאָר אַליין
קענען די טײַערע פֿאַרשטיין
און שווימען אין געטלעכן טהאָם.

— אי, טשירי־באָם,
— אי, טשירי־באָם!

אַ כאַרפּע — צו קינדער פֿון „חם“,
אַ שאַנדע צו קינדער פֿון „חם“,
זיי לעבן פֿאַרטעמפּט און פֿאַרגרעבט,
שטענדיק אין גאַשמיִעס געלעבט,
זיי אַלע, די קינדער פֿון סדאָם.

— אי, טשירי־באָם,
— אי, טשירי־באָם,

באָם,

באָם!

קלינג־ג־לינג־גאַ־לעכן!

גלויבט — לויבט — אַ־אַ־לע!

גלעקער — קלינגען,

גלעקער — קלאַנג.

גלאָק,

גלאָק!

מאָרגנ—כאָגע.
מאָרגנ—כאָגע.
כאג—
כאָג!
אייער שאבעס, אייַער שאבעס—
שטויב! אש־ש־ש—
שיידים־מייסינג־מעכאשייפעס—
א שאבאש,
א שא־בא־א־ש.

אלע, אלע, אלע, אלע,
גלויבט אינ גאָט אונ גלויבט אינ גאלעכ!
גאָט!

אונ דער גלאָק, דער וואָגיק־העכסטער,
ברומט אונ וויגט זיכ! ברומט אונ קרעכצעט— —
באָכ!
Бог!
אונ דער מיטעלער, דער דינער
פעט פארכליאָבעט זיכ אינ סינע!
זשיד—אונ זשיד—אונ כאלאמיד־ד־ד
זשיד—אונ זשיד—אונ כאלאמיד־ד־ד.
אונ דער יונגינקער, דער דינסטער,
רייצט זיכ פריילעכ אינדערפינצטער:
דינ,
דינ,
דינ,
דינ!
... סוויאטאָהאָ דוכא! אונ—אמינ—נ—נ—

אינמיטן דערין — — —

א קופערנער, קרעפטיקער, הילכיקער דזין,
א פריילעכער קלאפּ פון פערדישע פיס,
א געלויף—
א געלאפּ.
די טיר האָט זיך פּלוצלונג געגעבן א ריס—
אריַין איז דער קאַניוך פון גראפ.
— פאן־כאצקעל, צום יאסנע־וועלמאָזשנעם—געשווינד!

אין שטוב האָט א בראָך געטאָן פּלוצלונג א ווינט...
דער ראָוו איז געבליבן אין יארמלקע שטיין,
די גאנצע פאמאליע—ניט־יאָ און נים־ניין,
דעם כסידישן ניגון האלט שטום אין די ציין...

— א־יא־יאי, א־יא־יאי, לאָמיר אלע אוועק—
רעב־כעזקל דארף לאָזן זיך גיכער אין וועג.

א־יא־יאי, א־יא־יאי, זאָל מאצליִעך אים זיַין.
איז יעכעזקל אין טכוירענעם פוטער אריַין,

דעם קאָלנער פארהייבן, די האלדז זיך פארשטעלט,
א טאפּ געטאָן רוּיק דעם בוזעם מיט געלט,
מיט וועקסלעך, שטאריסקעס, פאפּירן און—נאָך—
א זאָג געטאָן פריילעך:—מיט מאזל די וואָך!

אין דעם שליטן אריין, די פיס זיך פארדעקט,
און ברייטלעך געלאָזן אין גרעפישן וועג.

א כוטער.
א פולוואַרק.
א פולוואַרק.
א כוטער.
דער וועג איז א וועג און דער גראַפּ איז א גוטער.
יעכעזקל פאַרדרייט זיך נאָך טיפער אין פוטער.
א כוטער.
א כוטער.
א כוטער.
א כוטער.

קאַרניזן.
באַלקאָנען.
א טיר אַפ א טיר.
באַם גראַפּ איז פאַראַן נאָך א קלאָרער סאָרטיר.

א בילד. אַפן בילד—א שעד אין א שמייכל:
— „באַל פעאויר מעכאַקע אַלייכעם".

א פינטשער. דעם קאָפּ אַפ די לאַפּעס פאַרלייגט,
קוקט מיט א קאַלטער פאַרגלעזערטער אויג...

איז יעכעזקל געבליבן אין טכוירענעם פעלץ.
— אי, סאַראַ היץ. אי, סאַראַ קעלט...

האָט ער אין פוטער זיך דיקער פאַרדרייט,
בא די קרישטאָלענע טירן ער שטייט.

ער שטייט? נו, איז גוט. זאָל ער שטיין. זאָל ער שטיין,
דער גראַפּ וועט אהערצו באַלד קומען צוגיין.

יעכעזקל, האנאָגיר, האמפּורסעם, האגוויר,
דער גראַף איז פאַרנומען פון יענער זײַט טיר...

דער גראַף איז—א גראַף, ווען עס דויערן לאַנג...
רויק. קיין פּיפּס, און קיין קרעכץ, און קיין קלאַנג...

האָט יעכעזקל געוואַרט און שוין מער ניט געקענט.—
עס שרעקן די גרעפישע, מירמלנע ווענט.

עס הילכט און עס גרילט אין דער רו פון דער נאַכט.
האָט ער די אויגן פאַוואָליע פאַרמאַכט...

בעלאַכאַש פאַרענדיקט ווייטן לעכאָ — — — —

איך לאַך,
אוי, איך פּלאַץ,
אוי, איך שטאַרב — — — —
כאָ־כאָ־כאָ!

א קרישטאָלענע טיר,
א פאַיאַנסאָווע טיר
פירט פון די זאַלן צום קלאָרן סאַרטיר.

ער שטייט? נו, איז גוט. זאָל ער שטיין. זאָל ער שטיין.
דער גראַף ווערט, מיסטאָמע, באַלד קומען צוגיין.

— 1

ליגט א געגנט דאָ פארלאָרן, גאָרע וועלט איז דאָ פארהאקט.
אלטע טראקטן, טיפע באָרן און א יונגינקער סאָסניאק.
פוילע פניאָקעס, ווײַסע פלייטן און א בענקשאפט נאָך א שטאָט...
דרייט א וועג און גייט־פארדרייט זיך, און קיין וועג איז שוין ניטאָ.
קויטיק־כליופיק. קויטיק־כליופיק. כלאם. שלעפ. כליפ.
ווידער טראקטן. טאָפּעט־טופּעט. רעדער־סקריפ.
כאלופּעס־כאטקעלעך צעוואָרפן. שטרוי. קין. פּיין.
זינקען געגנטן אין טאָרפן.

וואָס

ווער

זײַן?

— 2

ווײַנענדיקע ווייקן זיך,
ווייקן זיך די וואסערן,
די וואסערן די פוילע —
בא די פוילע ברעגעס אפ דער טײַך ארעסע.

קומענ ווינטנ וויִענ דאָ,
קומענ וועלפּ אונ וואָיענ,
ווייענ־וואָיענ־ווייִנענ דאָ —
בא די פּוילע ברעגעס אפּ דער טײַכ ארעסע.

ווידו זא ווא־ראָטי—מכי די באלאָטי,
טויטע טאָרפּנ פּרײיענ דאָ,
וויסטע וועלדער ווילדעווענ,
כוואליעס פּארקאלייעטע,
ווינטנ גרינ־פּארווייעטע—
בא די פּוילע ברעגעס אפּ דער טײַכ ארעסע.

ווי איינזאמ איז ווײַסרוסלאנד דאָ.
ווי עלנט איז ווײַסרוסלאנד דאָ.

אז אָרעמ די כודאָבע,
אונ כמאריק די פּאגאָדע
בא די פּוילע ברעגעס אפּ דער טײַכ ארעסע,
איז ווער וועט אונדז דאָ קאָרמענענ,
אונ ווער וועט אונדז דאָ אָנפּאָיענ —
בא די פּוילע ברעגעס אפּ דער טײַכ ארעסע.

3 ——

ווייע־וואָיע ווארעמע זשאלייקע,
עס וויינט אינ דיר דער פּיענ־דער בעלארוס.
ביזוואנעג וועלנ מיר, ווי ליקע זיכ דאָ ווייקנ
אינ דער זאָלקער, אָפּגעלאָזטער רו.

אינ ווילדער וויסטעניש דאָ זינקענ טויטע וויאָרסטב.
אונ מיט צינגא עס אָטעמט אונדזער מויל.
די ערד איז דאָ פארגאָסנ מיט קאראָסטע
אונ ס׳איז די הייכ ביז מײַרעוו־פאס צעפוילט.

דער גאנצער קאנט—א שטיק פארקלעפטער קאָלטנ:
ניט דורכפאָרנ, ניט דורכצוגיינ צופוס.
עס האָבנ אימ, אפאָנים, לאנג פארשאָלטנ:
איינ גאָט—פערונ, דער צווייטער גאָט—ייִסוס.

ווערבעס —
קארליקעס אונ ליליפוטנ,
אייִר ווערקסיקער אונ כמארע־דויכ,
די ערד פארבראקניעט דאָ מיט קראנקע בלוטנ
אונ ווילגאָשטש רויכערט זיכ ביז וואָלקנ־הייכ.

ספאגנומ פאָשעטער, ספאגנומ טײַערער,
ספאגנומ—לעבעדיקער־טויטער מאָך,
עס בראָדזיענ אומ אפ דיר פארקילטע פײַערנ
אונ ביבערס וויינענ דאָ ביז גרייזנ בראָכ...

אזא קאליעלע דאָ, אזא פארטײַעטקײַט,
דער געגנט טרייסלט זיכ אונטער די פיס.
אונ ס׳ליגט א פויערל בא טוכלע שײַטערנ —
א פולער טולופל מיט רעוומאטיזמ...

ניט מע אקערט דאָ אונ ניט מע בראָנעוועט.
בערג־טומפיקײַט אונ פיקס־געלאפ.

אפ פאָלעוואַניע נאַר
קומט צופאָרן וועג
מיט א גאַליאַסטרע הינט
דער יונגער גראַפ.

4 ——

הונדערט וויאָרסט אינדערלענג,
הונדערט וויאָרסט אינדערברייט.
ניט פארהוליעט נאָך אָט דעם מאַיאָנטעק.
אינ א מירמלנעם שלאָס —
א גינגאָלדענער דיל,
אפ דעם גילדערנעם דיל —
קלאָר־קרישטאָלענע בענק,
אינ דעם מירמלנעם שלאָס,
אפ דעם גילדערנעם דיל,
אפ קרישטאָלענע בענק,
איינ כוידעש אינ יאָר
קומט דער גראַפ אונ ער פּראַוועט דאָ יאָנטעוו.

פונ די בעדער, צי וואָס?
פונ די בעלער, צי וואָס?
קומט דער גראַפ זאָג אינ מאַרדערס פּאַרקוטעט.

ווערט גלייַכ ליכטיק אינ שלאָס,
ווערט גלייַכ הילכיק אינ שלאָס,
געטראַנק אונ קרעדענצ,
אונ קלעזמאָרים אונ טענצ,
אונ איינ גילדערנע קרענצ...

כ׳וואָלט דערציילן פון—דאָס,
כ׳וואָלט דערציילן פון—יענץ,
נאָר איך וויל ניט.
געזונג:
עס סי סקוטש־נע־ע־ע.

5 —

און דער גראפ האָט זײַן קאָניוך נאָך מערער געליבט,
ווי דעם פערד אין די גילדערנע עפל.

הארבסט. ווען דער געגנט פלעגט זינקען אין כליפ,
אין ווײַסן, ווײַסרוסישן נעפל,
פלעגט ער דעם קאָניוך דאַן רופן צו זיך,
הייסן אים אָנטאָן סאפיאנאָווע שיך
און טאנצן אפ שפיגל־פארקעטן.

דער צימבל פלעגט צימבלען,
די דודע פלעגט בעטן,
און דער קרעפטיקער קאָניוך אין איידעלע שיך
פלעגט טאנצן אלץ העכער־און גיכער־און גיך,
ביז אין אויגן פלעגט זיך מישן מעשוגע די ליכט
און אין קאָפ פלעגט אים ווערן שטאָק־פינצטער.

אוי, דער גראפ האָט זײַן אייגענעם קאָניוך געליבט,
נאָך מער פון דעם איידעלן פינטשער.

און פלוצלונג אין הייסער צעהוליעטער שפיל
האָט דער קאָניוך געגעבן מעשוגע א בריל

און אַ שפּיַל אָפּ די ווענט, און אַ כראַק אָפּן דיל,
אַז געווען איז אַ ווּסטער ביזאָיען...

און פאַרטאָג, ווען דער קאַנט האָט געגומען שוין גרויען,
און די נעפּלען פון נאַכט גיט געריהרט,
האָט מען דעם קאָניוכ אין סמאָלע פאַרשמירט,
האָט מען דעם קאָניוכ אָפּ טאָרפּן געשלעפּט
און ס'האָט זיך די פּאַטליע צום שטערן געקלעפּט,
צו די הייסע פאַרלאָפענע אויגן...

און ווען ס'האָבן די טאָרפּן אַ מענטשן דערשפּירט,
האָבן זיי אים מיט אַ וואַרעמען כליפּ
לאַנגזאַם און רויִק פאַרזויגן...

אָי, דער גראַף האָט זיַין קאָניוכ נאָך מערער געליבט,
ווי דעם אַלטן פאַרציַיטיקן זייגער...

יאָר —
טויזנט נײַן הונדערט צוואַנציק צוויי.
א געדריי, א געשריי.
הונדערט קלאַפּטער גייט די דיי
צו דער בירזשע.

אַרבעטער־הענט,
קרעפּטיקע הענט
אין פאַרסמאָרעטע אַרבל,
זײַנען צערודערט,
ברויגעז־געווענדט
און פאָדערן:
— אַרבעט.

זײַנען אַלע זאַוואָדן
פאַרלאָזן און ליידיק,
מיט שטילקייט באַלאָדן,
מיט חורבן באַליידיקט...

און ווען ס'זײַנען צעבראָכן זאַוואָדישע ווענט
און דער חורבן אין לאַנד איז נאָך גרויס,
ווי א ווײַב אָן א מאַן,
גייען אויס,
גייען אויס
די קרעפּטיקע מוסקלען אין הענט.

אי, דו היים, אונדזער היים ס. ס. ס. רעפּובליק,
ס'איז דיר ענג, ס'איז דיר שווער נאָך פאַרבלוטיקטן קריג

דו וואָלסט וועלן אַרויסגיין אנטקעגן די זין,
און זאָגן: — „נו, שטעלט זיך צוריק צו מאַשין.

ס'איז די ארבעט געגרייט אונ אנ אָפּרו געגרייט,
אונ זאָל אײַך צו זעט זײַנ דער פרירלעכער ברויט".

נאָר ס'זײַגענ מאשינעס מיט כורבנ פארלייגט,
אונ ס'קוקט יעדע שטאָט מיט א בלוטיקער אויג...

עס רוענ נאָכ אויס בראָנעוויקעס פונ שלאכט.
אונדז קומענ אינ כאָלעמ סירענעס באנאכט...

אונ ס'דאכט זיכ אונדז אויס—אינ דער נאכטיקער רו—
מיר הערנ, ווי ס'כליפּעט דער נאפט אינ באקו...

ווי ס'האקנ זיכ פלאסטנ אינ שאכטישער טיפ,
ווי ס'וויגנ קאָמבײַנענ דעמ טאָרפנ־מאסיוו,

ווי ס'גייענ וואגאָנעס געלאָדנ מיט ברויט,
ווי ס'וויגנ זיכ ריזיקע דאָמנעס אינ רויט...

אונ יעטווידער מוסקול—צו ארבעט געווענדט —
האָט זיכ אינ סאָציאליזמ דערקענט.

— 1

אונדזער טאָג איז שענער
פון טויזנט טאָגאַס מאָרגן.

סען־סימאָן איז קלענער
פון קלענסטן אינזשענער.

מיר האָבן איצטער אופגעוועקט די מעכטיקסטע מאָטאָרן
אין יעטווידער שפּארונקעלע אַף זעקסטל פון דער ערד.

ניטאָ שוין מער קיין געגנטן
פארווערטיילט און פארקנעכטיקט.

קיין שטעכן פארוואלגערטע
אין ליידיקייט פון גרוי.

מיר האָבן זיי מיט זיכערקייט צעפּלענערט און בארעכנט,
אופגעוועקט, דערהייבן זיי, און אָנגעזאָגט זיי:
— בוי!

ניטאָ קיין סאמאָיעדן, קיין געגנטן —
פון סארטן,

פון בולבענע ווייסרוסן,
פון וואָנציקן כאכאָל.

דרימלענדיקע רייכקייטן, טיף אין דרערד פארשפּארטע,
הערן איצט דאָס אָנגרייפן פון וואכנדיקן שטאָל...

דנעפּר־טראַקטאָרבויען —
לעגענדעס אין פאַרמעסטונג,
שטאָל־מאַגניטאָגאָרסקן —
אין רוישיקייט פון גרינס.
און טויזנטער זאַגעסן,
און טויזנטער טשעגרעסן
האָבן מיר ביז הימלען אײַנגעשפּאַנט אין דינסט.

ווערן העגט באַפרײַטע און הערצער וועלן וואַך זײַן
פאַר יעדער מינדסטן פלאַטער פון ווייענדיקן ווינט...
און אין די העכסטע ודאַמנעס, און אין די טיפסטע שאַכטעס
וועלן מיר אַראָפּלאָזן דעם קויעך פון מאַשין.
וועלן טעג פאַרמאָגן דאָ אַפ שענסטער פון פלאַנעטן —
מעכטיקייט פון מוסקולן און הערצער פון פּאָעטן...

2 ——

ווו ס'שמעקט די לופט מיט זשוראַווינעס,
ווו ס'וואַקסט דער רויטער מוכאַמאָר,
מיר וועלן מוזן אויסגעפינען —
דיקן קויעך פון מאַשינעס,
רויטע קראַפט פון אונדזער דאָר.

און דאָרט, ווו ס'האָט שפּאַצירט דער אײַיר,
ווו ס'האָט דער בער געשלעפּט זײַן פעל,
מיר וועלן אופשטעלן געטרײַע
פולע לעמפּעלעך מיט פײַער
און זיי צעשיקן איבער וועלט...

דורך נעפּלען, האָריקע מומאנעס,
אַף די אײַלנדיקע פּיס,
יאָגט אײַך, סלופּעס, גרינג־צעשפּאַנטע,
ווײַל אין אײַך איז אויך פאַראַנען
טיפער טרוים פון סאָציאַליזם.

איז טוט אײַך, בויט אײַך, נעמט אײַך, נאַט אײַך,
זופּ, זאַוואָד, און טרינק, קאָלווירט,
פון די שאָען־קילאָוואַטן
הייבט זיך אויף די ערד אַ זאַטע
פון אונדזער אייגן האַנט געפירט...

3 —

וויסטעניש אַף טויטע טאָרפן. אין וויסטעניש צעפּוילטע הא.
און ס׳קריכן שטײַפע עקסקאַוואַטאָרן מיט ליאַפּעס ברייט־צעעפנט:
— האַמ!

פונוויַיטן—שלאַנק, די קעפּ פאַרהייבן, יונגע בושעלעס צעשטעלט,
פונאָענטן—אין שטאָל געקאָוועט עסן זיי די פוילע פעלד.

ניט קיין בושעלעס די קעפּעלעך פאַרגראָבן טיף אין טאָרפ —
עקסקאַוואַטאָרן אין שטאָלענעם,
אין שטאָלענע וואָרפּ,
די ווילדע וויסטעניש
צעפרעסן און צעפּאַטערן.

אַ דריי דעם בלאָק—צעיאָגן זיך קאַנאַטן
און ס׳טראָגט זײַן קאָפּ אַ יונגער עקסקאַוואַטער,

ער וואַרפט זײַן קאָפּ
פאַרשיקערט
און פאַרליבט
אָפּ טאָרפּ,
אָפּ מאָך און —
כליופּענדיק־און־כליפּ
א פולן מויל מיט טאָרפן אָנגענומען,
א פולן מויל מיט אוראַלט אויסגעשפּײַט...
און דער אַלטער אײַנגעוויגטער אומעט
גוואַלדעוועט אָפּ ראַכוועסן פון צײַט...

4 ——

האָט מיקאָלע דער ברייטער און וווקסיקער יונג
אין שטײַף אָנגעצויגענער מײַקע
פון עקסקאַוואַטער געגעבן א הילכיקן שפּרונג,
אַז אין ברוסט האָט געגעבן אַן אייקע.

ער האָט זיך צום גראָבן געגעבן א וואָרף
און געבליבן א ווײַלע פאַרשטיינערט —
דער עקסקאַוואַטער פאַרמורזעט אין פליסיקן טאָרף
האַלט א סקעלעט אין די ציינער.

האָט אונטער די פיאַטעס געבראָטן די ערד
און ס׳האָט אים געהילכט אין די שלייפן,
און ער האָט זיך צעשריען:—איי, בראַטצי, אהער!
זײַנען אַלע געקומען צולויפן.

האָט איינער געטראַכט אַז אַ דינעם דיסקאַנט,
און האָט די פאַרטראַכטקייט צעריסן:
— אַמאָל איז געווען אַ קאַניוק באַם פאַן,
האָט מען אים דאָרטן פאַרשמיסן.

האָט דער צווייטער אַ מאַך געטאָן שטיל מיט דער האַנט:
— ער איז דאָך נאָך גאַנץ און פאַרבראָנזעט,
געוויס מוז דאָס זײַן גאָר אַזאַ פאַרטיזאַן,
וואָס האָט אין די טאָרפן פאַרבלאָנדזעט.

האָט מען די רידלען ביז ווייטיק פאַרשטיקט
און געבויגן די קעפּ די קודלאַטע...
האָט מיקאָלע געזאָגט און באַרויִקט די שטים:
— מע האָט דאָ דערהאַרגעט מײַן טאַטן.

צעוואַרשט איז די שטילקייט אַ דינע געוואָרן,
דערנאָך — אַזאַ דיקע און האַרבע.
האָבן פלוצלונג בריגאַדעס זיך ווידער דערקענט,
זיי האָבן דערפילט, אַז זיי האָבן נאָך הענט
און זײַנען אַוועק צו דער אַרבעט.

דער עקסקאַוואַטאָר: — פּרעס!
דער עקסקאַוואַטאָר: — ביס!
און יעדע סקיבע טאָרף
איז וואַרעם, פעט און זיס.

און יעדער ביסן טאָרף —
אין וויסטענישן רײַך.
דער טאָרף — אַ פולע פעל —
מוז ווערן זאַט און רייף.

מיט גאָר זײַן גאַנצער גוטס
זיך געבן הייך א ריס.
דער עקסקאַוואַטער:—פרעס!
דער עקסקאַוואַטער:—ביס!

5 —

גאַנצע דרײַ יאָר האָט די בויונג געדויערט.
ווײַסרוסישער טרויער
אין ציגל פאַרמויערט —
סטאַלינסטאַן.

אַף טאָרפן צעפוילטע, אַף ברוינע, אַף גרינע
אין פלינקע טורבינעס
וועט כּיעס געפינען —
סטאַלינסטאַן.

דורך דיקע געפלעכטן פון אָדערן־דראָטן
וועט אוראַלטע בלאָטע
איצט אויפגייין געראָטן —
אין סטאַלינסטאַן.

6 —

טאָרף—דאָס איז ברויט, נעם צעשנײַד אים און עס.
טאָרף—דאָס איז קויעך אין מוסקלען פאַרפרעסט.
טאָרף—דאָס איז בלוט אין מאַשינעס-קאָנטאַקט.
טאָרף—דאָס איז יוגנט, וואָס הוליעט געשמאַק.
טאָרף—איז מײַן טאַטנס א פלעם אין דער באַק.

— ... און איצטער אפ טאָרפ!—האָט געזאָגט די פּארטיי—
איצט מאָביליזיר זיך אפ טאָרפּן און—גיי.

— גיי, ווײַל עס הונגערט אָן טאָרפ די פאבריק.
— גיי, ווײַל עס האָט דיך די בויונג געשיקט.
— גיי, און פארקרעמפּעווע זיך, באָלשעוויק.
— גוט!—האָט געענטפערט פאבריק נאָך פאבריק.

— 7

לעצטע באלאָדענע, שווייסיקע שאָ.
ס׳האָט דער הודאָק זיך צעפאָכעט אין לופט.
ס׳האָט פיניע דערפילט, ווי עס נאָיעט דער גוף,
און אַגלייך געקומען צו זיך אין ביוראָ.

מע האָט די באראטונג מיט טעמפּן געפירט,
ווײַל ליידיקע צײַט איז בא קיינעם ניטאָ.
א כאווער האָט קורצ די ביוראָ אינפאָרמירט —
שיקן א גוטן פארטייער אפ טאָרפ.

— פיניען!
— איך פאָר!
— אז מיר זאָגן ניט:—ניין.
דערנאָך, ווען מע איז שוין געגאנגען אהיים,
איז פיניע געבליבן צעטומלט אין גאס,
אזוי ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט.
דערנאָך האָט זיך ווארעם געהוידעט זײַן באס:
— כ׳בין דאָך מיט בלאָטעס פון לאנג שוין באקאַנט.

ער איז פֿון דער וואַכטע געקומען צוגיין.
די ברודיקע נעגל געוואַשן ביז ריין.
געגעסן. געלייענט. און מער ניט געקענט,
און שטיל זיך פֿאַרטראַכט אף די קופּערנע הענט.

זיצט ער שטיל באַם האַרטן טיש.
די גאַנצע ראַכוועס—אָפּן.
אין קאָפּ איז העל און אופּגעמישט
און ס'ווילט זיך גאָרניט שלאָפֿן.

„איז גוט אַזוי אינמיטן נאַכט,
ווען הײַזלעך ליגן שוין פֿאַרמאַטערט,
אַרויסגיין שטיל, אַרויסגיין שאַרף
אין אַלטע אומרוּיִקע שמאַטעס.

זיך לאָזן לויפֿן גיך־און־גיך,
א געסל נאָך א געסל.
און אָט—ביזטו, און אָט" — — — —
ס'איז פֿיניע אומגעריכט
ווי אויסגעוואַקסן גרעסער.

ער האָט א שטעל געטאָן דעם שטול,
א מעסט געטאָן די דילן.
— וואָס זשע האָסטו זיך צעדולט,
פֿינקעלע־ווערזילע?

איז ער געבליבן באַ זײַן טיש
און אויסגעברומט א ניגן.
נאָר זײַן יאַטל לײַכט און פֿריש
טשוכעט זיך אין וויגל.

זײַן יאטעלע שלאָפט אין געפלאָכטענער וויג,
א פּיצעלע האנט הענגט פּאוואָליע אראָפּ.
און ס׳דוכט — צו זײַן קינדערשן, פּוכיקן קאָפּ
האָט זיך דאָס קישעלע ווייך צוגעדריקט...

— יאטעלע, דיר איז שוין אָפּן און ברייט,
דיך האָט שוין קיינער אין האס ניט פארפרעסט.
יאטעלע, וואקסט אף דעם גינציקן קעסט,
וואָס האָט אונדזער לאנד דיר מיט ליבע פארגרייט.

— יאטעלע־יאט, דו געבענטשטער בענקארט!
ס׳האָט פּיניע געוואָלט אים א נעם טאָן פון וויג!
און האָט זיך פארכאפּט.
אוועק אפ צוריק.
געלייענט.
און איצט —
ניט פארשטאנען אין בלאט...

ער האָט ניט געוווּסט, צי דאָס האָט זיך געדאכט,
צי ס׳האָט זיך מעוווּלוול געכאָלעמט באנאכט,
נאָר ס׳האָט אזא דינער עלעקטרישער שטראָם
גענאפּט און געיאָמערט בא אים אפּן דאך...

ער האָט ניט געקענט הײַנט דערשלאָפן די נאכט,
און איז אינדערפרי שוין געווען אין רײַקאָם.

1 —

ווען ס׳איז געקומען אהער די בריגאדע, איז די לאגע געווען אזא.
עס וואקלט און וויגט זיך דער אָנוווקס פון טאָרפענעם קרומען זיגזאג.

סעזאָניקעס קומען אהערצו מיט שווערן, פארמאטערטן בלוט.
שטעלן זיך אויס אין קארירן און גייען דאָ אָפּעט מיט מוט.

עס ווערן די הערצער פארוואקסן אין גראָבע, באליידיקטע פעל
און ס׳ניכעוועט עלנט די ארבעט אין יעדער צעשטויבטער ארטעל.

אין פייכטע, צעווייקטע באכילעס שטייט מען א טאָג אין קאריער.
עס הענגען די האָריקע הימלען. עס רוקט זיך די זון, ווי א בער.

עס קלעפּן זיך שווייסיקע העמדער. א דאָרשטיקייט ליגט אפן צונג.
— וואסער, אביסעלע וואסער, א קאלטן קרישטאָלענעם שלונג.

טרינקט מען פון טאָרפענע בלאָטעס. זופּט מען פון זויערן זומפּ.
— אין דער צעמאמעטער מאמען! אין דעם געפייגערטן זונ!

— נעכיי וואָלט דער גוטער דירעקטער פארגרייטן כאָטש וואסער
א קוואָרט.
און ס׳וואקסט די פארביטערטע שווערקייט, ווי דער בלוטיקער שוואָם־
מוכאמאָר.

עס ווערן באַלײַדיקט די רידלען אין פעסטע באַלײַדיקטע הענט
און ס'לעשן זיך גאָלדענע ציפער פון דעם געגאַרטן פּראָצענט...

2 —

פון ליקווידירטע פּאָלוואַרקעס, פון כוטערישן גוטס
צווישן די סעזאָניקעס פּאַרקריכט דער באַלעגוף.

ער גייט אַרום פאַרטײַעט דאָ. ער האַלט פאַרשפּאַרט דעם צונג.
און כאָוועט אויס אַ בלוטיקן און אומגעריכטן שפּרונג.

אַ שלײַדער טאָג! אַ וואַלגער טאָג! אַ זעץ טאָן אָן דער ערד!
ער זאָגט גאָרניט. ער שטערט גאָרניט. ער גייט אַרום און הערט.

ווען עפּעס גיט אַ ריס זיך דאָ און עפּעס שטעלט זיך אָפּ,
שווײַגנדיק און שמייכלענדיק הויבט ער אויף דעם קאָפּ.

ער זאָגט גאָרניט. ער שטערט גאָרניט. ער שמייכלט נאָר געהיים:
— ברידערלעך־סעזאָניקעס, לאָמיר גיין אַהיים.

מיר עסן ניט, מיר טרינקען ניט, ס'איז הונגעריק און שווער.
מיר וועלן אַלע אויסגיין דאָ באַם בלוטיקן קאַריער.

3 —

ווען מע גייט אין באַראַק פון דעם טאָרפענעם, טיפן קאַריער,
באַגייט דער גוף אונטער שווייסיקן, שווערן ברעזענט.
מע פילט ניט אַלײן שוין די האַרטע, פאַרלאָפענע הענט.
מע גיט זיך אַ וואָרף און מע אָטעמט געדולדיק, ווי ערד.

אפ די הארטע פארלאָפּענע הענט קוועלן אָן די מאזאָליעס מיט בלוט,
האלט מען שווער אפ די אויגן די הענט מיט די אָפּענע דלאָניעס ארופ.
ווי א מידער שטיק טאָרפ, ליגט בא יעדערן איצטער דער גופ
און ס׳ווילט זיך נאָר איינס: יעדער פיצל געוועב
זאָל אים אָנקוועלן
ווידער
מיט מוט.

דעמלט קום, באלעגופ, און פארלייג א פוגאס.
ס׳איז דער באָדן פאר דיר איצטער, זאָגסטו, געגרייט.
ס׳קען א ציינד טאָן אין קאָפּ א מעשוגענער האס
און רעציכע קען ברענען מעוולוול און רויט.

— פארוואָס איז דאָס עסן אזוי ניט געשמאק?
— וואָס לאָזט מען אונדז ליגן אין ענגן באראק?
— וואָס קומט דער טאווארישטש פון שטאָט ניט אהער?
— וואָס שטייט ער אליין ניט אין טיפן קאריער?
— מע האָט אונדז די ערדן צעגראָבן אפ טאָרפ,
דערווײַל איז אָן פּאָזשניעס פארבליבן דאָס דאָרפ.
אָן היי וועט צעפאלן דאָס ביסעלע סקאָט,
וועלכן עס האָט ניט צעפרעסן די שטאָט...

4 ——

וואָס טוט דער טאָרפקאָם דעמלט? מעגלעך, אז ניט.
ער ארבעט מיט שטילע, פאוואָלינקע טריט.

ער גייט דאפקע שטענדיק ארום אָן פּאָרטפעל
און קוקט דאפקע אָפטלעך, וואָס טוט אן ארטעל.

ער קומט און דערציילט דאָרט פון טעמפּן געווי,
אַז טאָרף איז, פאַרשטייט איר, אַזוי און אַזוי,
אַז עלעקטרע איז, דייקע, אַ נויטיקע זאַך,
דאַרפן מיר טאָרפן איצט האָבן אַסאַך,
און ווײַל אונדזער בוויונג איז מוירעדיק נײַ,
דאַרפן מיר אײַנפירן דאָ שלאָגלערײַ,
דאַרף מען, ווי איינער, אַרײַן אין געוועט,
און קאָרמענען בעסער מיט טאָרפן די שטעט,
און ווײַלע מיר דאַרפן איצט טאָרפן אַסאַך,
און עלעקטרע איז, דייקע, אַ נויטיקע זאַך
און מיר דאַרפן העלפן מיט טאָרפן די שטעט — — — —

איז רעדט ער און רעדט ער, און רעדט ער, און רעדט.

דערנאָךווישט ער אָפּעט די ליפּן פון שוים
און גייט אַ צעווייקטער, אַ מידער אַהיים.

אַ מידער, איז רוט ער. און קען ניט. ס'איז שווער.
ס'פּאַרלאָזן סעזאָניקעס אָפּט דעם קאַריער.

אוואַדע איז שלעכט, וואָס עס פעלן דאָ הענט,
עס זאָל כאָטש ניט אויסגיין צום בידנעם פּראָצענט...

5 ——

און ווען עס האָט פּיניע דעם רידל פאַרגראָבן אין ריזיקן טאָרף,
האָט זיך געדאַכט אים—די אַרבעט איז ניט אַזוי שווער.
און האָט ער די סקיבע צו דעם עלעוואַטער געגעבן אַ הייב און אַ וואָרף,
האָט זיך דער גאַנצענער גוף אים געגעבן אַ פאַל אין קאַריער.

ער האָט זיך געגעבן א שטעל מיט זײַן גאנצן פארפרעסטן געזונט
און צו דער בריגאדע געשמייכלט מיט פריילעכע אויגן פארשעמט.
דערנאָכדעם — א שפּײַ אין די טרוקענע, בלעכערשע הענט.
און ס'איז מיט א זיפצל זײַן רידל אריין אין דעם טאָרפענעם גרונט.

דעם צווייטן מאָל האָט זיך די לאָפּעטע טאָרף שוין געגעבן אזא מין
סאָרט ריס,
אז זי איז שוין איבער דער לענטע געפלויגן צום ראנד פון קאריער.
ער איז מיט זײַן גאנצענער מאסע געשטאנען שוין פעסט אף די פיס,
און ס'רידל פארגראָבן נאָך טיפער אין טאָרפענער ערד.

עס האָט די בריגאדע געגראָבן צעטומלט, מעוולוול און גיך,
הילכיק געפּלאָנטערט און איינער דעם צווייטן געשטערט.
ס'האָט איינער א ווישׁ געטאָן גיך דעם צעפּלאַמטן און פײַכטן געזיכט
דער צווייטער האָט גאָר, ווי דורך וואסער, דעם רויש פון מאָטאָרל געהערט.

מע האָט מיט אן אימפּעט געגראָבן, געהריזשעט, געגעסן דעם גרונט,
און ס'זײַנען די העמדער פארלאָפן מיט ווארעמע פלעקן פון שווייס.
באלד האָט אין הימלען געסמאליעט א גרויסע, פארלאָפענע זון,
און הענטלעך פון לאָפּעטעס זײַנען געוואָרן אי שטעכיק, אי גרייס.

די ברילן בא איינעם שוין זײַנען געוועזן פארצויגן מיט הײַטלעך טוי,
באם צווייטן האָט לאנג שוין דער פינגער דער גראָבער צעדריקט א פוכיר.
און טאָרפענע, אָפענע סקיבעס, וואָס שמעקן מיט ערדענעם רוי,
האָט דער קאָנווייער צום פרעס אפ מעשופּענע הייכן געפירט.

געפרוווטע פארטייער, וואָס זײַנען צו ארבעט געוווינט, ווי צום
שטענדיקן ברויט,
און דער קאָמסאָמאָל, וואָס איז אויך שוין מיט אלערליי שווערקײַט
באקאנט, —

האָבן מיט נאַקעטע לײַבער געארנעט געהאָרכזאַם, פאַרפּאַליעט און דריט,
און ס'האָט דער קאַריער איבער זיי שוין פאַרהויבן א טאָרפּענע וואַנט.

און ווען די בריגאַדע איז רויק־פאַרמאַטערט געגאַנגען צוריק,
האָט קײנער פון זיי ניט געהערט שוין די פּודיקע, שווײסיקע הענט.
מע איז אַפ די נאַרעס געלעגן. און ס'איז אַזוי רויק געווען,
אַז ס'האָט זיך געהערט, ווי עס שליסט זיך א בליק מיט א בליק...

6 ——

ס'האָט פּיניע איצט גערוט פון פולן האַרצן.
עס איז די נאַרע איצט געדולדיק־זיס.
נאָר ס'ווילן אַלץ ניט אופהערן צו שמאַרצן
די הענט, די גראָבע פינגער אַפ די פיס.

ער וואָלט מיט פרייד זיך געבן א פּאַטשאָווע, —
זײַנען ניט געהאָרכזאַם איצט די הענט.
ער וואָלט מיט פרייד איצט ריידן צו א כאַווער, —
האָט א מידקײַט צוגעמאַכט זײַן ברעם.

עס רוען דאָ פּאַרטייער, קאָמיוגיסטן, —
ס'האָט יעדערן געשיקט אהער די מי.
און יעדערער וואָלט וועלן איצטער וויסן, —
ווער פון זיי האָט מער זיך אײַנגעמידט.

נאָר קײנער קען מיט אָפּרו זיך ניט שיידן,
יעדער ליגט און יעדער אײנער טראַכט,
ווען ער וואָלט איצטער אָנהייבן צו ריידן,
וואָלט ער, געוויס, גערעדט ניט צו דער זאַך.

שטיקער זונ זיכ הענגענ אפ די שויבנ,
און די שויבנ זעטיקנ זיכ אָנ.
ווענ פיניע וויל, וואָלט ער איצט נעמענ גלויבנ:
ער ליגט אינ רויטארמייִשנ וואגאָנ.

ער האלט די ביקס פארשפארט צווישנ קניִענ,
ער וועט שוינ היַינט ניט אויסטאָנ דעם שינעל.
און ס׳לייגט זיכ אויס א מידקייַט אפ די וויִעס —
פאר טעג, פאר נעכט צעשעדיקטע אינ פעלד.

— — ס׳האָט מינסק אוועקגעשיקט א צוג מיט הייסע יונגענ
האָט פיניע אויכ צווישנ זיי געברענט.
ס׳האָט הינטער זיי קיינ מארשנ קיינער ניט געזונגענ
און ניט געפּאָכט מיט יאָנטעוודיקע הענט — — —

7

בא מיקאָלענ אפנ שטערנ וויגנ זיכ דרײַ קנייטשנ,
נאָר די בלאָנדע פאטליע האָט באהאלטנ צוויי.
ווענ מיקאָלע אָטעמט, דאכט זיכ, אז ער פרייט זיכ.
נעמט ער דעם הארמאָניק, דאכט זיכ, אז ער וויינט.

בא אים אינ דעם הארמאָניק ליגט א גרויסער ניגנ,
וועלכער וואכט דערווײַלע מיט א ווייכנ פרײַכ.
וועט מיקאָלע פרײַ זײַנ, וועט עס זיכ צעוויגנ,
ליכטנדיק־ און־ קוועלנדיק כוואליענ, ווי א טײַכ.

נאָר מיקאָלע איז איצט צופיל שוינ פארנומענ.
שווער איז אים צו זײַנ דער עלטסטער בריגאדיר.

צום ערשט האָט זײַן בריגאַדע צופֿיל זיך געטומלט,
די אַרבעט האָט געסקריפּעט, פּונקט ווי ניט געשמירט.

דערנאָך האָט זײַן בריגאַדע געאַרבעט מיטלמעסיק,
כאָטש עס האָבן אַלע געהאָרעוועט ביז בלוט.
זיי האָבן נאָך דער אַרבעט פֿאַרמאַטערטע געגעסן,
זיי האָבן נאָכן עסן פֿאַרמאַטערטע גערוט.

האָבן אַלץ געכוויזעקט די שכײנישע בריגאַדעס:
— נאַ־דיר, קאָמסאָמאָלן און נאַ־דיר אַ פּראָצענט!
איר וועט דעם טאָרף ניט נעמען מיט רייד און מיט פּאַראַדן,
טאָרפֿן דאַרפֿן האָבן צוגעגרייטע הענט.

גאָר הענט, וואָס זײַנען שטענדיק אין אַרבעט אויסגעקנאָטן,
און יונגען, וועלכע פֿילן ביז אָטעם די פּאַרטיי,
האָבן שוין געאַרבעט מיט אַ ברייטן אָטעם —
קאַריערשטשיק צו קאַריערשטשיק אײַנגעשפּאַרט אין ריי:

רידל צו רידל,
סקיבע צו סקיבע,
און שטאָלענע ציינער
קײַען עס איבער
פֿעט און געדיכט.
דאָ ווערן די טאָרפֿן, די מאָכן פֿאַרניכט.

ניט טאָרפֿן, ניט מאָכן — נאָר שטיקער מיט ליכט.
און ס'ווערט דאָ פֿאַרניכט,
און ס'ווערט דאָ פֿאַרניכט,
דער אוראַלט, וואָס איז דאָ געוואַקסן געדיכט.

## 8 —

פיניע—ברוינ. מיקאָלע—בלאָנד. מיט סאמעט אינ די אויגנ.
פיניע—זיצט. מיקאָלע—ליגט אינ שווערקײט אויסגעצויגנ.

שלאָפט אונ כראָפּעט דער באראק אינ כיִעסדיקע שווייסנ.
אונ אפנ דאכ עס ליגט א נאכט, א קלאָרע אונ א גרויסע.

נאָכ דער ארבעט נאָיענ הענט פארמורזעטע אינ טאָרפנ,
האָט מענ זיכ אפּ נארעס ברייט צעשלײדערט אונ צעוואָרפנ.

מיט פיס, מיט הענט ארײנ אינ שלאָפּ, אינ טיפעניש פארקראָכנ.
כאָלעמט זיכ איצט רידל־קלאנג אונ ווארעמקײט פונ מאָכנ...

דיק דער רייעכ פונ די פיס. יוכטענע שטיוואלעס
גיבנ אָפּ מיט פרייעניש, מיט קרעפטיקײט פונ שטאלנ.

ברענט א ליכט. אונ אפּ דער ליכט די לופט, ווי א פּאפּאכע.
ברענט א ליכט. אונ בא דער ליכט צוויי כאווײרים וואכנ.

פיניע—ברוינ, מיקאָלע—בלאָנד מיט סאמעט אינ די אויגנ.
פיניע—זיצט. מיקאָלע—ליגט אינ שווערקײט אויסגעצויגנ.

האלבע נאכט. די ליכט איז וואכ אונ בענקשאפט רעדט אינ בלוטנ.
בלאָנדזענ ווערטער גלאט אזוי. מאָרגנ איז א רו־טאָג.

באָלשעוויקעס—יונגענ צוויי. אונ דער אָפּרו בעט זיכ.
רעדט זיכ רויִק גלאט אזוי. גלאט אזוי עס רעדט זיכ.

פיניע זאָגט: —...איז מיינסטו וואָס, מיר איז אלץ באקאנט דאָ.
מיכ האָט מענ געשיקט אהער אפּ אופשטאנד אונ אפּ באנדעס.

דעמלט האָט געיושעט דאָ גולאַק און די בולאַקעס
און מיר זײַנען געווען הונגעריק און נאַקעט.

די טאָרבן, וואָס קאָסטן אונדז קויעך און פּײַן, —
דאָס זײַנען דאָך וויאָרטן, און יאָרן מיט שײַן.

אָט שטייען מיר ביידע פאַרמאַטערטע שווער,
און ווען עס איז וועלן מיר קומען אַהער —
עס פליעסקעט אין וואַרעמע וואָלטן די ערד.

דו פאַרשטייסט, ווען עס גיט זיך מיר פלוצלונג אַ קלער,
וואָס מירן פאַרמאָגן אָט דאָ אַפ דער ערד,

ווייס איך אַליין ניט, ווען איך וואָלט געקענט,
איך וואָלט זיך צעביסן די אייגענע הענט.

דו פאַרשטייסט, נו, דו ווייסט, נו, דו פילסט, וואָס ס׳וועט זײַן,
אַז אַ בראָך זאָל אין אונדזערע הערצער אַרײַן...

פּרי. ס׳ברענט די ליכט. נאָר ס׳איז העל שוין אָן דעם.
מע שלאָפט אין באַראַק דאָ מיט קויעך פון דעמב.

נאָר, ווען עס דערהערט זיך, ווי עמעצער שרײַט,
גיט מען זיך פלוצלונג אַ קער אַפ אַ זײַט,

אַ קער אַפ אַ זײַט און אַ דריי אַפ צוריק,
און מע צעעפנט פאַרוווּנדערט דעם בליק...

— וואָס איז דאָרט? ווער איז דאָרט? טשטאָ? און טשאַהאָ?
אַז ווער האָט געשריִען אין ראַניצע דאָ?

איז מעוווּלוול געוואָרן דער אָפּרו פון דעמב.
ווער איז די טרוסן און ווער איז דעם העמד,

א האלבער באראק שטייט שוין וואך אף די פיס.
האָט פּיניע געגעבן די ליפּ זיך א ביס.
האָט מיקאָלע א שפּרונג געטאָן הילכיק פון בעט.
— ס׳איז גאָרנישט. כאווירים, מיר האָבן גערעדט.

— גערעדט? נו גערעדט! דאָס איז איינמאָל שוין רייד.
פון וואָס האָט איר דאָדערט געשריִען באצווייט?

האָט מיקאָלע פארצויגן נאָך ענגער דעם פּאס,
א קוק געטאָן קלאָר, ווי עס קוועלט אפן גאס,

דערנאָך זיך געגעבן א האסטיקן בויג,
אז די פּאטליע מיט האָר האָט פארדעקט אים אן אויג.

— נו, איז אָט. נו, איז הערט. נו, איז ספּראווא או טימ
(און ס׳האָט אזוי מאָדנע געקלונגען זיין שטימ)

— איר זאָגט: נו, מיר פראצעוועט דאָ אפן טאָרפ,
און אָן סענעזענץ איז פארבליבן דאָס דאָרפ.

און ס׳נעמט אָן אזא מין פארקלעמטער פארדראָס,
האלעמייַ עס שטארבט אויס אף די פּאָזשניעס דאָס גראָז,

האלעמייַ מירן מער שוין ניט קאָסיען קיין היי.
— העט, נו געוויס! נו, אוואדע אזוי.

— נו אוואדע אזוי? עכ, איר שלעק וואָס איר זייַט,
צי ווייסט איר, אז אָט אונ ס׳קומט אָנ שוינ די צייַט.

אונ דאָ וועט א וואקס טאָנ אזא מינ סאָרט זעט,
וואָס איר האָט אפילע אינ שלאָפ ניט געזענ.

אי ווייצנ, אי וויקע, אי קרוכקענע קרויט,
אי ווארעמע שעפּע פונ זעטיקנ ברויט.

אונ דאָ וועט א שפאר טאָנ אזא מינ סאָרט שייַנ,
אז אינ אייַכ וועט דער שעד מיט דער מאמענ ארייַנ!

---

ראניצע. ס׳טאָגט. עס ווערט ראָזלעכ אינ שויב.
אפ אלעמעס אויגנ—א גאָלדענער שטויב.
אפ האָריקע פאטליעס—א לופטיקע שייַנ...

אז אינ אונדז זאָל דער שעד מיט דער מאמענ ארייַנ.

## V

עס האָבן זיך באַרויקט
די לעפל אין די הענט...

1 —

אינ קיכ האָט געוויגט זיכ א זויערע פארע
פונ מאָגערנ באָרשטש אונ צעפּארעטער קאשע.
סעזאָניקעס האָבנ ניט אופגעהערט שפּארנ
אונ האָבנ די טירנ אונ שויבנ צעקוואשעט.

זיי האָבנ די עס־קיכ צעשטורעמט, צעליארעמט
אונ אונטער די טישנ געגאָסנ דאָס עסנ,
געקויפּלט ביז העכסטנ דעם טאטנ, דער מאמענ
אונ אויכ אָנ דעם הייליקנ זונ ניט פארגעסנ.

— געשמאקער אונ פעטער זאָל זײַנ די אכילע!
— מיר ווילנ אזוי־אָ! אונ בעסער! אונ מערער!
אניטע? איז נאט אײַכ די ברודנע באכילעס,
אונ שטעלט זיכ אלײנ אינ די טיפע קאריערנ!

זיי האָבנ מיט צינענע שיסלעכ געפּאָכעט,
די הילצערנע לעפל אינלופטנ געוואָרפנ.
— וועט מענ אונדז בעסער ניט אָנהויבנ קאָכנ,
איז בלײַבט אײַכ געזונט אפ די דאָטיקע טאָרפנ.

— שלעפּט נאָר אהער דעם צעבארעטן קוכער!
— ברענגט נאָר אהערצו די כאָפּטע מיט קעכער!
זאָלן זיי פּרווון די קאשע פארזוכן,
וועלן זיי, דאכט זיך, ניט אופהערן ברעכן.

און ס'האָט זיך דער טומל געדרייט אף די טישן,
געקלאפּט אין די ווענט, און געהילכט אף די דילן.
עס האָט א טאָרפּיאניק געבעטן זיך:—טישע!
א צווייטער האָט רויִק געקײַט די אכילע.

האָט קאָרנייטשיק—א שטויס אין דעם טיש דעם סאָסנאָוון,
דאָס פארמורזעטע בערדל—פארשטיקט אין קולאק.
— מיר האָבן פון לעבן סײַווי קיין האנאָע,
איז וואָס, אויב די קאשע איז אויך ניט געשמאק.

ניטאָ וואָס, טאָרפּיאניקעס, צופיל צו שרײַען.
אז מיר זײַנען—דערפער און זיי זײַנען—שטעט...
זיי האָבן געברײַעט, און זאָלן זיי ברײַען,
ווען עס איז ווער דאָך די קאשע זײַן פעט...

הײַנט איז ניטאָ נאָך; נו, מאָרגן וועט ווערן,
די פּיאטילעטקע וועט ברענגען אונדז אלץ.
טאָ לאָמיר איצט עסן נאָר פראנצן און ווערים
און הײַנט לאָמיר שלעפן דעם יאָך אפן האלדז.

איז הערסטו, טאָרפּיאניק, איז אלע—דאָ כאטי!
ניטאָ וואָס צו פוילן אָט דאָ אפן טאָרף.
זיי ווילט זיך עלעקטרע. אין זייערע כאטעס!
סײַווי וועט ניט קלעקן קיין נאפט פארן דאָרף...

איז הערסטו, סעזאָניק, פּארענדיקט! און קיינער!
עס וועט אונדזער כארטש שוין ניט ווערן געשמאַק.
ביז וואַנען נאָך וועלן דאָ אונדזערע ביינער
מאַשטשען דעם זומפּיקן, אייביקן טראַקט?!...

מיקאָלע האָט ניט געקענט!
מיקאָלען האָט געשליידערט,
עס האָט בא אים פון האַלדז געוויטיקט מיט א כריפּ:
— היגטיש פעל, קאַרנייטשיק,
דו ביסט גרייט צו ליידן?
און דו האָסט עס א לעבן אָפּגעליטן?
כריטש!

— טאָרפּיאַניקעס, איר הערט?
— מיר ווילן דיך ניט הערן!
— טאָרפּיאַניקעס, איר הערט?
איר מוזט!
און אומבאַדינגט!
עמעס, ס'איז די אַרבעט א ברודנע און א שווערע,
ווייל ס'העלפט אונדז נאָך דערווײַלע ווייניק די מאַשין.

— און דאָס וואָס ס'איז דאָס עסן מאָגער נאָך און ווייניק,
כאָטש מע לאָזט אונדז אָפּעט דעם זעטיקסטן פּאַיאָק,
איז מײַן בריגאַדע מעלדעט:
מירן זיך פּאַרייניקט —
מירן מאָרגן אויכעט
הונגערן
א טאָג.

און אונדזערע פראָדוקטן,

און אַלינקע פּאַטראָנעס

נעמט אײַך צו...

איר שרײַט דאָך,

װעט איר װערן זאַט...

— הער אויף!

— גענוג!

— ניט זדיעקעווע זיך, כאַוער!

האָט זיך אַ װאָרף געטאָן דער ברוינלעכער קאָנדראַט.

— איך זאָג: דו לאַכסט פון אונדז.

מיר דאַרפֿן דײַן פּאַיאָק ניט!

איך װעל סײַ װי ניט װאַרפן דעם קאַריער!

עס האָט די לופט געװיגט זיך און געשראָקן.

האָט פּיניע הייך אָפּ זיך באַסאָװער:

— הערט!

טאָרפּיאַניקעס!

סעזאָניקעס!

כאַװײרין!!

איך בעט, און לאָזט מיך ענדיקן מײַן װאָרט!

מיר מעגן טיף אַ קוש טאָן אונטער װײדל,

אויב מע רעאַגירט ניט אָפּן אָרט.

צי פֿאַטערט מען פראָדוקטן דאָ? אַוואַדע.

צי גאַנװעט מען די װאַרמעסן? געװיס.

איז לייג איך פֿאָר איצט: קלײַבן אַ בריגאַדע.

אַ טרויבער־טאָן די גערגעלעך: — ה־הא־קיש.

איז איינס.

אונ צווייטנס, וואָלט איך וועלן זאָגנ,

פאר וועמענ, פרעג איך, גראָבנ מיר דעם טאָרפּ?

קאָרנייטשיק וויל א שפּיל טאָנ אפנ מאָגנ.

אונ מיר דארפנ דערלאנגענ אימ אינ טאָ— — —

גיי.

נו, גיי.

צו אַלדי שווארצע יאָרנ!

פאָר אהיימ

אונ פילנעווע דעם גופ.

קוקט, ווי ער איז מאָגער דאָ געוואָרנ.

נעבעך...

א ראכמאָנעס...

באַלעגופּ!

דער טומל האָט פארשטעקט זיך אונטער טישנ,

גענידערט,

אונ געפאלנ

ביזקל דיל.

עס האָבנ די טאָרפּיאניקעס א נעם געטאָנ זיך: —טישע!

אונ ס׳איז געוואָרנ דאָ באריידעוודיק אונ שטיל.

האָט מענ צעזעצט זיך שווייסיק אונ פארבראָנזעט,

אונ ס׳האָבנ זיך בארויִקט די לעפל אינ די הענט...

קאָרנייטשיק ט׳מיט דער דלאָניע אָפּגעווישט די וואָנצעס,

גענומענ עסנ רויִק:

— זאָג איך דאָך... וואָ־דענ?...

— עך, דו אלטע שקורע — האָט געמורמלט איינער.
א צווייטער: — קלוגע פייגל.
א דריטער: — א קולאק.
עס האָבן די טאָרפּיאַניקעס מיט הונגעריקע ציינער
געגעסן אזוי סמאַהעזיק־געשמאַק.

2 —

גאליעוו. —
א טאָטער?
מעקא?
קאראַן?

ניין גאָר: האַרבאַרניע, פּאַרטיי, פּאַרטיזאַן.

גאליעוו. —
א ווילדער?
מאַמיי?
טאַמערלאַן?

ניין גאָר: מיט גייען אוועק אפן פראָנט.

אוועק אפן פראָנט און געקומען צוריק —
א שראַם און אַן אָרדען באַם כאַוועד קאָמבריג.

א שראַם און אַן אָרדען באַ דעם סעקרעטאַר — — — —
גאליעוו האָט רויק א ווייַלע געוואַרט.

דערנאָכדעם געגעבן א וואָרט דעם טאָרפקאָם.
— וואָס ווערסטו דערציילן? קימאַט א פּאָגראָם?

דער זאווקאַמ איז ארויס מיט א קליינעם באריכט
(דער צארבאלעכייִמ פארדעקט זײַנ געזיכט...)

— וואָס איז דאָרט געוועזנ?
א פּאָשעטע זאַכ.
טאָרפּיאניקעס מוזנ דאָכ עסנ אסאַכ.
אונ ווײַלע זיי האָרעוועג, דייקע, דאָ שווער,
דארפ מענ אונדז שיקנ פּראָדוקטנ, וואָס מער,
האָט שטאָט מיט פּראָדוקטנ פארשפּעטיקט, צי וואָס?
איז האָט זיכ באקומענ א שטיקל פארדראָס.
גאָר גאָרניט. ס׳איז ווידער געוואָרנ שוינ גוט.
וו׳אָפּשטשעמ.
מע ארבעט,
מע עסט
אונ מע רוט — — —

דעמ קאָפּ האָט גאליָעוו צומ טיש אָנגעבויגנ,
אונ ס׳האָט אזא שטילקייט פארדעקט זײַנע אויגנ...

פּיניע פארויכערט.
מיקאָלע פארטײַעט.
אונ ס׳דאכט—ער וועט הילכיק א וואָרט טאָנ זיכ שרײַענ...

גאליעוו האָט רויִק דעמ בלײַשטיפט פארשניצט.
פארצייכנט, אז ס׳האָט זיכ דער בלייער צעשפּריצט...

דערנאָכ זיכ געגעבנ א וואקל פונ אָרט:
— ווער וויל עפּעס פרעגנ, צי נעמענ א וואָרט?

אז ס'האָט זיך אין מיקאָלען א מעטעליצע צעשפּילט זיך,
האָט ער די רובאכע גענומען גיך פאַרשפּיליען.

מיט ציטעריקע פינגער געבלאָנדזעט איבער דאשעק...
און פּלוצלונג איז די שטילקייט געוואָרן הייך און ראשיק:

— אז וואָס איז דאָ צו ריידן, און וואָס איז דאָ צו פרעגן,
שפּייַ אים אין די אויגן, זאָגט ער:—סי א רעגן.

אי־דא א פאַרטייער! אי־דא א פּראָפּטוער!
זיין ליניע איז געגליכן צו אונדזער אַלטער דוהע.

אן אָפּאָרטוניסט, צי פּאָשעט א גאַוועגדע.
מער וויל איך ניט ריידן.
גאָרנישט.
און געענדיקט!

ווער עס האָט געשמייכלט, ווער עס האָט געשוויגן.
באַלד איז די באַראַטונג ערנסטדיק געשטיגן.

ווער עס האָט א פראגע, ווער—א פּראָפּאנאָווע.
בא פּיניען האָט געבלוטיקט די שטימע די באַסאָווע.

— דער טאָרפקאָמ איז שולדיק?
ער איז שולדיק.
ריכטיק.
נאָר, ווען קריטיקירן, איז געקריטיקירט.
און מיר אליין ווי זיינען?

ער, און דו, און איך, און— —
מיר דאַרפן זאָגן אָפן: מיר האָבן שוואַך געפירט.

צי גראָבן מיר די טאָרפֿן?
נאָר דאָס איז נאָך ווייניק.
מיר דאַרפֿן גראָבן טיפֿער.
ווי אַן אַגיטפּראָפּ.
מיר טאָרן ניט דערלאָזן, אַז איינציקע קאָרנייטשיקס
זאָלן קענען פּלוצלונג אויפֿהייבן דעם קאָפּ.

איך זאָג: מע דאַרף דעם שטייגער האסטיקער אַ דרוק־טאָן
עס זאָל דאָ, ווי אַ ליאַלקע, לויכטן אין באַראַק.
מיר האָבן דאָ אַזויפֿיל זעטיקע פּראָדוקטן,
קענען מיר ניט מאַכן, עס זאָל זײַן געשמאַק?

אויסגעשטעלטע טישן.
קודזעלנע סערוועטן.
אויף די טישן—הלאַדישעס,
אין יעדערן—אַ בלום.

וואָס איז דאָס? אַן עס־קיך.
שפּײַז? געשמאַק און זעטיק.
עסט דאָ ווער? טאָרפּיאַניקעס.
מען קען אַרײַנגיין? קום!

און דערנאָך אַ לעקציע, און דערנאָך אַ שמועס,
און דער ווענטיליאַטער לופֿטערט דורך אין קאָפּ.
זײַנען מיר פּאַרטייער, טאָרן מיר ניט רוען,
דאַרפֿן מיר אַ גראָב טאָן, ווי אַן אַגיטפּראָפּ.

דאָס בלוט קלאפּט אין די שלייפן צעבושעוועט און היציק.
מאַכאָרקע־רויך פארוויקלט די סטעליע אין א מילך־וועג.

— — —

און ווען ס׳האָט א מידקייט באפאלן די וויעס
און ס׳איז דורך די שויבן געקראָכן דער הימל,
האָט דאן דער רימענער, ברוינער גאליעוו
דעם פאַרשלאַג דעם לעצטן פאַרגעלייגט שטימען.

מיט ארבעט מיט יאָנטעוו מיר ווערן שוין זאט,
און יאָנטעוו אם צען מיליאָן קילאָוואט.

## 1 —

צוויי כאדאָשים האָט דאָס לעבן זיך געלײַטערט אף די בלאָטעס,
צוויי כאדאָשים האָט געפיבערט אין דעם קליינינקן אקטיוו.
ס׳האָבן הײַפעלעך פארטייער אין ארטעלן זיך צעשאָטן,
זאָל די ראָשטשינע איצט אופגיין מיט א כיעס פון דער טיפ...

ניט קײַן עלנטע ארטעלן, גרויע בײַזקײַט און פאריבל —
איין בריגאדע האָט דער צווייטער אין באַגײַסטערונג פארהערט.
40 טעג איז נאָך פארבליבן.
30 טעג איז נאָך פארבליבן:
סטאלינסטאן דארף באלד פארגיסן
מיט א ווארעמקײַט די ערד.

פירונדרײַסיק טויזנט ציגל.
פינפונדרײַסיק...
זעקסונדרײַסיק...

נאָך א טויזנט...

נאָך א מייע...

נאָך א צענדליק פארנ טאָג.

מיקאָלע האָט מיט זײַנ בריגאַדע

אפ די רידלענ זיך צעפלײַסיקט,

פיניע האָט מיט זײַנ בריגאַדע

אים באגינענ אָנגעיאָגט.

און ווענ עס לייגט זיך אויס דער אָפּרו נאָך א וואַרמעס א געשמאקנ,
ווי עס לייגט זיך אויס דער אָוונט אפ א ווייכנ סענעזענצ,
קענ די יוגנט דאנ ניט רוענ אינ דער שטילקײַט פונ באראקעס,—
בעסער דעמלט זיך פארהערנ אינ געזאנגענ און אינ טענצ.

2 ——

פאלט א ראָסע אפ די מאָכנ
און עס ציט מיט נעפּלענ-גרײַז.
איז אַרויס דער ערשטער באָכער
פונ דעם אײַנגעשפּארטנ קרײַז.

— היי, טאטוליע, היי מאמוליע,
ס'וויל דײַנ זונ אביסל הוליענ.
ווער עס ארבעט אינ קאריערנ,
יענער ווישט פארשוויצט דעם שטערנ,
ווער עס שטייט באם עלעוואַטער,
יענער קומט צוריק א מאטער,
יענער קענ ניט טאנצנ פיל,
הער, הארמאָניק, בעסער—שטיל.

דער הארמאָניק בעט זיכ, בעט זיכ,
דער הארמאָניק שוימט, שרײַט,
אונ מיט אומעטיקע הערצער
קומענ אומעט שטומע קרעכצנ:
— אײַ.
קומענ אומעט שטומע קרעכצנ:
— אײַ.

האָבנ נעפּלענ זיכ צעהוידעט,
איז די ראָסע בלויִלעכ-ווײַס.
איז ארויס דאָס ערשטע מיידל
פונ דעמ אײַנגעשפּארטנ קרײַז.

— היי, טאטוליע, היי, מאמוליע,
ס'וויל דיינ טאָכטער איצטער הוליענ,
ווער עס ארבעט אפנ פרעזער,
יענער ווערט א טאָג גענעזונט,
ווער עס שארט די טאָרפנ-שטויבנ,
יענער קענ דעמ קאָפּ פארהויבנ,
יענער קענ נאָכ טאנצנ פיל,
הער, הארמאָניק, א קאדריל!

דער הארמאָניק פרייט זיכ, פרייט זיכ,
דער הארמאָניק בויט, ברומט.
און מיט קויעכ אינ די פלייצעס
טאָפּעט-טאָפּעט אונ געדרייט זיכ —
— קומ!
טאָפּעט-טאָפּעט אונ געדרייט זיכ —
— ברומ.

א לעוואָנע הענגט א קלאָרע,
אין די קוסטעס—נעפּלען־גרייז.
איז ארויס דאָס ערשטע פּאָרל
פון דעם איינגעשפּארטן קרייז.

האלטן שטערן זיך אין לעשן
טויקע־פארקלערטע.
און דער פרייליכער הארמאָניק
כיינדלט זיך אָן ווערטער.
איז ארויס דאָס צווייטע פּאָרל,
ס׳דריטע,
און דאָס פערטע.

— מיין בריגאדע האָט געגעבן מערער נאָך פון טויזנט טאָן.
— דיין בריגאדע האָט געזעצט זיך אפן פריילעכן ביפלאן.
— מיין בריגאדע האָט געארבעט און ניט אויסגעפילט דעם פלאן
— דיין בריגאדע האָט געזעצט זיך אפן אָפּגעפליקטן האָן.
— קו־קו־רע־קו,
— קו־קו־רע־קו,
— אפן אָפּגעפליקטן האָן.

— מיין בריגאדע האָט געארבעט פאר דעם טאָרפענעם דאָנבאס.
— דיין בריגאדע האָט געזעצט זיך אין א ברייטן טאראנטאס.
— מיין בריגאדע האָט געארבעט און אביסעלע געשטוסט.
— דיין בריגאדע האָט געזעצט זיך און... אוועקגעשפּרייזט צופוס.
— פעכאטאָיו,
— פעכאטאָיו,
— און אוועקגעשפּרייזט צופוס.

דער האַרמאָניק האָוועס־האָוועס.
דער האַרמאָניק בעט־ברומס.
און אין פרייליכע כאַליאָוועס
טאַנצן טענער ברייטע, בראַווע,
זיי פאַרהוליען זיך אין דרייען,
זיי פאַרטוליען זיך אין ווייען,
זיי צעפּאַלן אַפּ דום־דום,
זיי צעשיטן זיך אין הלום
און זיי קומען האַרציק אום—
—ברום!

3 —

ציאַרעשקע קאַרנייטשיק, דער אַלטער טאָרפּיאַניק,
האָט אויסגעטאָן רוּיִק די שווערע באַכילעס,
געשמאַק אָפּגעגעסן די דריטע אַכילע
און רוען געוואָלט נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע.

אין שאָען אַזעלכע באַרוּיִקטע־שטילע,
ווען ס'האָט זיך די יוגנט אין הויף צעגאַוועגדעט,
ווילט זיך אַזוי די פאַרנאַכטיקע טפילע
אָפּריכטן שטיל און געהאָרכזאַם, ווי שטענדיק...

איז ער אַוועק צו די נאָענטע מאָכן
און דאָרטן צווישן די נעפּלען פאַרקניים זיך,
זיַין טפילע האָט לאַנגזאַם געשלעפּט זיך אַ מידע
און קוים דורך די נעפּלען צום הימל דערקראָכן...

4 ——

באנאכט· די לעוואָנע—א שטאָלענע רידל
פארשטעקט אינ די הימלשע שטרעקעס.
באנאכט. אונ עס לייגט זיכ דער טאָרפענער העקעפ
אפ מעכטיקע לאפעס אנידעו'...

ער ליגט דער מאסיוו א פארשפארטער אינ זיכ.
ער אָטעמט אונ ס'ציטערט זיינ בערישע דיכ.
ער גיט זיכ מעגושעמ א קער אפ א זייט,
ער קענ ניט באנעמענ דעמ טומל, אונ שרייט...

ווער האָט עס צעטומלט די אוראלטע נאכט?
ווער גראָבט זיכ אונ שניידט אינ זיינ טאָרפענער טראכט?
ווער האָט עס דעמ געגנט פארגאָסנ מיט שיינ?
אונ רידל נאָכ רידל אינ לייב קריכט אריינ.

ניט קיינ שיידימ—דאָמאָוויקעס-לעסאָוויקעס אונ לעגענדעס,—
איבער שטרעקעס שפרייט זיכ אויסעט א מעטאלענער גליג-גלאָנ:
איינ בריגאדע האָט די ארבעט די באנאכטיקע פארענדיקט,
אונ די צווייטע האָט די ארבעט שוינ פארהויבנ, ווי א פאָנ.

גייט דעמ אָוונט-ברויט איצט עסנ א פארמאטערטע בריגאדע,
אונ די צווייטע האָט דעמ פרישטיק אָפגעגעסנ דאָ ניט לאנג.
—ס'איז פארנאכט איצט?—יאָ, אוואדע.
ס'איז פארטאָג איצט?—יאָ, אוואדע.
ניט פארטאָג אונ ניט פארנאכט איצט.

איינ קאָנווייער גייט אינ גאנג.

א קאָנווייער פונ דרײַ וואכטעס.
יעדע וואכטע—הייס אונ גיריק.
אונ עס שווימענ אָפּ אינ אָפּרו,
אונ עס גייענ אופּ אינ מי:
דער באגינענ—אָט דער טרוימער.
דער פארנאכט—די שטילע ליײק,
דער באטאָג—דער קלאָרער בויער
אונ דער מיידלשער פארפּרי.

אלע־אלע־אלע־אלע,
ווער עס האָט נאָר בלוט אינ הארצנ,
זאָל ער העלפנ פעסט פארדרייענ
אלע שרויפנ פונ מײַנ לאנד.
אויב עס איז די נאכט געלעגנ,
ווי א פעפערקע א שווארצע
איז געגנוגן!
אונ צו דער ארבעט!
מיט א רידל אינ דער האנט!

שאבעס־זונטיק־מאָנטיק־דינסטיק־מיטוואָכ־דאָנערשטיק אונ פרײַטיק:
יעדער טאָג—א סקיבע ארבעט
אונ א קלאָרער פליאוש פאר רו.
פונ די קויטיקסטע קאריערנ
זעענ מיר שוינ, ווי עס צײַטיקט
אונדזער וואָכ
אונ אונדזער יאָנטעוו—
אינ א קײַלעכדיקנ רונג.

—אין

רידל־צו־רידל.
סקיבע־צו־סקיבע.
און שטאָלענע ציינער
קײַען עס איבער
פּעט און געדיכט...
און ס׳פאלט אומגעריכט — — —

עס שטייט דער קאָנווייער,
עס שווײַגט דער מאָטאָר,
קיין פרייליכער אָנבליק פון פײַער,
קיין הימל ניטאָ.
קיין ערד איז ניטאָ,
א שטילקײַט. א סום, ביז צו שרײַען...

עס רופט איין בריגאַדע דער צווייטער: —א־או—ו—
און ס׳קײַקלט זיך אום אין דער פינצטערער רו—
א ווײַטער, צעצויגענער, סומנער א־או— — —

5 ——

געמען קויטיק קוואקען זשאבעס
און עס שושקען פרעש.
— ס׳ליגט צעריסן אײַער קאבעל
אונטער מעסער־פרעשק.

טאָרפן וועט איר ניט פארגרייטן,
פאלן וועט דער פלאן.

און אין שווארצע, טויטע קוויטן
בלייבט דער סטאלינסטאן.

עס וועט קומען אייער יאָנטעוו,
רייסן זיך נאָך ליכט.
מירן אייך אין טרויער אָנטאָן
קלעפּיק און געדיכט.

קויטיק קוואקען קאלטע זשאבעס — — —
זשאבעס אָדער ניט.
עלנט וואלגערט זיך דער קאבעל
מיט א טויטן שניט...

6 ——

— — —

... און ווען עס איז קיין טאָרף ניטאָ,
הונגערן די בונקערס
און לאנגזאם ווערט דער רויש פון די טורבינעס.
ניטאָ קיין טאָרף? —
אין הייצערקע די פונקען
קענען זיך אין אָנמאכט ניט געפינען.

ניטאָ קיין טאָרף.
דערלאנגט אהער באהייצונגן!
באלד וועט זיך פאראנקערן די סטאנציע.
באם אינזשענער עס צוקן קרום די פלייצעס.
באהייצער שטייען אופגעליימט אינגאנצן.

עס שוויַיגט דער טראָס אפ העכסטער עסטעקאדע.
עס פאלט דער דאמפ.
עס לעשט זיך אויס דער כיעס.
שנעלער־שנעל!
בריגאדע נאָך בריגאדע!
אניט פארמאכט די סטאנציע אירע וויעס.

שטעט,
מע הערט אופ צו געבנ אײַך פײַער,
גיכער שטעלט אָפּעט דעמ לויפ פונ טראַמוויַיענ,
גיכער האקט אָפּעט דעמ לויפ פונ מאָטאָרנ—

שטעט זײַנענ פלוצלונג מעוולוול געוואָרנ...

דער פידער צינדט אָנעט א בלוטיקע אויג.
אונ ס'האָט זיך דער הימל געגעבנ א בויג.
א וויג אונ א וואלגער אינ טהאָמ.

עס האָבנ צעמישט זיך אינ טומל די שטעט.
עס רײַסט זיך דער פאָדעמ פונ גרויסנ געוועט,

א טראמוויַ איז געבליבנ מעוולוול פארטראכט אפנ בריק.
עס האָט זיך דער אָטעמ דערוואָרגנ אינ האלדז פונ פאבריק.

ס'האָט דער רײַטער געגעבנ א שפרונג אינ קינאָ,
אונ איז שוינ ביז סאָפ נית דערשפרונגענ.

דער הויכריידער האָט זיך דערשטיקט אפ אל־לאָ,
אונ האָט שוינ זײַנ ליד נית געזונגענ.

אין קאָלווירט ברענט א פעכישע שײַטעלע קין.
עס כליפּעט אין יאסליעס צעשראָקן א קינד.

אוראלט אפ אוראלט דאָ הויערט און שטיקט— — —

— — —

דאָס אלץ וואָלט געווען,
נאָר עס קאָן שוין ניט זײַן.
מע קען ניט א דריי טאָן די ראָד אפ צוריק,
דעם קאבעל פאריכטן—
און ס'אָטעמט מיט שײַן...

7 ——

עס הענגט נאָך אפ דראָטן די פרישקײַט פון טוי.
א האלבער שטיק הימל פליעסקעט אין בלוי.
און ס'איז דער באגינען נאָך ראָזלעך און רוי.

עס יאָגן זיך סלופּעס מיט וווּקסיקן טראָט.
זיי ווילן וואָס גיכער דערגרייכן אין שטאָט
און האלטן אינלופטן גירליאנדעס מיט דראָט...

עס שמעקן די דראָטן מיט פרישן אָזאָן.
א גאָלדענער הימל קומט שווײַגנדיק אָן.
און ס'האָבן בריגאדעס א מענטשן דערקאָנט:

ס'איז קאָרנייטשיק געלעגן אזוי, ווי ער וואָלט אפ די נארעס גערוט,
זײַן האנט האָט נאָר שטיל דעם צעשניטענעם קאבעל געדריקט...
א מעסער. באזײַט—די טאָרפיאנישע הוט.
— כיק! — — — — —

עס האָט זיך צעקרימט אין א פינצטערער בלויקייט זיין באק.
און פלוצלונג איז שיטער געוואָרן ז'פארמורזשעטע בערדעלע־האָר.
עס האָט זיך א פיצעלע צונג נאָר צווישן די ציינער פארהאקט.
און—גאָר.

— — —

און ווידער האָט זיכערערהייט
דערהערט זיך דאָ פרייל'עכע רייד.
עס האָט זיך מאָטאָר מיט מאָטאָר
גענומען פארהערן אפ טאָרפ.

עס האָט זיך די ראכוועס צערעדט,
נאָך זעטיקער פאָרציע שיין.
און ס'זיינען בריגאדעס אריין
אין שטענדיקן הייכן געוועט.

איז—
רידל־צו־רידל.
סקיבע־צו־סקיבע.
און שטאָלענע ציינער
מאָלן עס איבער
פעט און געדיכט.
דאָ ווערן די טאָרפן, די מאָכן פארניכט.
ניט טאָרפן, ניט מאָכן—נאָר שטיקער מיט ליכט.
און ס'ווערט דאָ פארניכט,
און ס'ווערט דאָ פארניכט
דער אורעלט, וואָס האָט דאָ געהויערט געדיכט.

8 ——

מע דארפ שוינ ניט ביז האלדז אינ דעמ קאריער
אונ פודנ מי אונ קראפט באמ עלעוואטער.—
עס גייט אומ דער קאָמבײַן איבער דער ערד,
איבער דער צעפרעזורטער אונ גלאטער.

עס גייט ארומ א העלפאנד־א קאָמבײַנ,
צעשטויבט דעמ טאָרפ, פארשלעפט אימ אונטער פאכוועס,
אונ הא נאָכ הא, ווי לאבנס שלינגט ער אײַנ,
אונ אונטער אימ נאָר קרעכצט די ברוינע ראכוועס.

אהו־אהו! עס וויגט זיכ דער מאסיוו.
אונ דעמ מאסיוו מוז דאכטנ זיכ, מיסטאמע,
ער ליגט נאָכ אלצ אינ אייביקײַט פארטיפט
אונ איבער אימ—דער שפאציר פונ א מאמאָנט.

דער מאמאָנט גייט אונ רוקט זיכ אפ דער זונ,
דער מאמאָנט גייט אונ ס׳קריכנ מאסטאדאָנטנ.
אונ ס׳הייבט זיכ אופ א טונקלקײַט דערפונ:
זיי האָבנ צוגעדעקט די יונגע האָריזאָנטנ...

אהו־אהו! עס רוקט זיכ דער גיגאנט.
דאָס טרײַבט אימ אומ א יונגער קאָמיוגיסט דאָ.
עס ליגט דער רודער רויִק אונטער האנט—
שנײַד שוואליאמ אונ גרויסע טעמפנ גיסטו.

פאר אונדזער פלאנ—וועט ברוינע לײַב פונ טאָרפ
אופגיינ אינ מעטעליצע פונ פונקענ...

און צאַרטער שטויב, ווי קינדערלעך אין שלאָף,
פאַר שטייפן ווינט אין ווינטיקע פּאָרסונקעס...

איז שטייג, און שנייד, און שעטקעווע, קאָמביין,
אָפּ טאָרפּעלעך צעפּרעזוערטע און פּעטע.
זיי וועלן אַלע איצט מיט פרייד אַרײַן
אין בויונג־בוי פון אונדזערע געוועטן.

וואָיענ ווינטנ, גרויע ווינטנ. וואָיעט־וויט.
ווירער שלעפט ער זיכ אפ גאסנ שווארצערהייט.

ווידער הענגט שוינ אפ זײַנ לעבנ שווער א שלאָס.
וויסטע ארבעט. ווײַסער וואנדער. גרינגער ראָסט.

אי, ניו־יאָרקנ, אי, בערלינעג,—שווידער־שווער.
היי, ניו־יאָרקנ, היי, בערליגעג—צום געווער!

טעג—אָנ א ביסנ אינ מויל,
אָנ א פיצעלע מוסקיל פונ ארבעט.
מע האָט אונדז פארטריבנ דאָ:—פוילט!
מע האָט אונדז פארמויערט דאָ:—שטארבנ.

געדיכטע פארטײַעטע ווענט,
הימל פארפלאָכטנ אינ גראטעס.
באלד וועט מײַנ קאָפ זיכ דערזענ
אינ טויזנטער טויט־קילאָוואטנ.

באלד וועט מײַנ קערפער אינ שטול,
ברעכנ זיכ אונטער די שטראָמענ.
אונ ס׳וועט מײַנ צעעפנטער מויל
שווײַגנ אינ שוים פונ געקאָמע...

באנאכט, ווענ טפיסע ווערט שטיל
אונ ס׳שווײַגנ די ווינקלענ פארטראכטע,
גיט פלוצלונג אינ הארצנ א הילכ
דער אָנהילכ פונ קומענדע שלאכטנ.

פונ יענער זײַט פענצטער—געשריי.
פונ יענער זײַט טפיסע—אינ בונטנ.
מיר שרײַענ פונדאנענ:—פארטיי,
ביז אָטעמ ביז לעצטנ פארבונדנ.

ז —

דער געטלעכער רעבע, דער הייליקער צאַדעק
איז אין בעסמעדרעש צעטומלט געקומען.
— און איך — זאָגט ער — בין דאָס די קרוין פון דער אומע,
צינדט ער פאַר גאָט אָן א טויטע לאמפאַדע...

דער הייליקער טיכאָן אין גאָלדענער ריזע
מיט בערדיקן גרוי פון ריבוינעשעלוילעם,
האָט זיך אין פּאָרכטיקער שטילקייַט באַוויזן
און אפן אָמעד געלאָזן דעם ציילעם.

נאָך אים — דער קריוויטש. אין לאַפּטשעס פון ליקע.
דער אלטער ווייַסרוסישער גורט אפ די לענדן.
— מע וויל אונדזער דאָליע אין אייַזן דערשטיקן,
וויינט אפ די בלאָטעס די גרייַזע לעגענדע...

דעם גאָמביגערס איידעם, דער גרויסער געלערנטער,
וואָס האָט פאַר אונדז ווירעך פון טרייַשאַפּט געדוויכערט,
איז דאָ געשטאַנען א זייַדן־פאַרקלערטער
און גיך זיך פאַרדרייט אין דער רו פון פּאָרויכעס.

דערנאָך איז געקומען די הייליקע מאמע,
פארהילט אין א יידישער אלטער פאטשיילע.
און אונטער דעם ווארעמען פלאטער פון סאמעט
האָבן זיי אלע געזעצט זיך צוזאמען
און האָבן צוזאמען געפראוועט אויילעס.

2 —

אי־נאכט.
וויי־נאכט.

גייען פאמעלעך,
פאוואָליע,
געהיט...
א ריאסע פון באקי
אין רויך פון איפריט.
א שטריימל.
א פראק
אפ א גרויער שינעל.
רויקער.
רויק.
טיל־טעל.

רויקער־רויק.
צעשראָקענע רו:
עס לויכטן די פענצטער
אין ג. פ. או.

וויגט זיך די נאכט
אין א טויטן זזאמאק

און האָט די פאַרזאַמלונג
מיט מוירע געבענטשט.

א וואָרט האָט געגעבן
א פּרעכטיקער פּראַק.
א וואָרט האָט גענומען
אַן איידעלער פּרענטש:

— מיר זיינען דער מאַרך און דער כּיעס,
זיי — דער מעגושעם פון הענט...
זיי מעגן זיך טויזנט מאָל מיִען
צו אַנדערע הימלען געווענדט.

און מירן דעם קויעך פון בויונג
דערפירן ביז ליידיקן נאַר.
עס קענען ניט בויען פּלעבייער,
ווען ס'וועט ניט פאַרוועלן דער האַר.

— אונדזער פּאַראָל,
אונדזער פּראָגראַם:
א ווייסער קאַראַל
פון יאַם ביז יאַם.

3 ———

האָט זיך געשטעלט דער געלערנטער איידעם
און א באַגרינדעטע רעדע געהאַלטן:
— מע טאָר ניט פאַרשוועכן דעם גייסט פון די ווידעס,
און הייליק דאַרף בלייבן דער טרוים פון די אַלטע.

אלץ מוז פארבלײַבן, אזוי ווי געווען דאָ
און ס׳טאָר אונדזער לעבן ניט ווערן געמינערט.
מע טאָר ניט, אז נײַע געבויטע פאבריקן
זאָלן דערשטיקן די אלטע לעגענדעס.

דעריבער, מײַן פלאן: די טאָרפן ניט גראָבן.
די גרויסע מאסיוון פארבלײַבן אין פוסטקײַט.
מײַן פאָלק דארף פארבלײַבן — אײן שנײַדער און שוסטער,
דײַן פאָלק דארף פארבלײַבן — א פאָלק כלעבגראָבן.

אלע: — וויוואט!
אלע: — יעכי!
— כי־כי...
— כי־כי...

האָט דער קריוויטש אין דעם זײדנס סערמעגנגע
שטיל אָנגעהויבן אין פאָרכטיקן ציטער:
— הערט איר, דאָבראָדזיע, מע מוז דאָס געדענקען —
מע האָט אונדזער באַטקאָווששטשינע צעשניטן.

אײן טײל — אהינצו, דאָס צווייטע — אהערצו
און ס׳קרעכצעט דאָס לאנד אין באזונדערע טײלן.
מיר מוזן באהעפטן די בענקענדע הערצער
אונטער דעם זילבערנעם אָדלער פון פוילן.

דעריבער, מײַן פלאן: דער זומפּ דארף ניט סטײַען,
דאָרטן, ווו ס׳האָט זיך דער גרענעץ צעפיבערט.
און ווען עס וועט פוילן אונדז קומען באפרײַען,
זאָלן די זומפּן זיי דינען מיט ליבע...

— זאָל לעבן די אַרבעט,
וואָס שעדיקט די מי.
— כי־כי...
— כי־כי...

— 4

האָבן זיי צעזעצט זיך אַלע אױף דער בימע
און שװײַגנדיק געפּראַװעט אַ טױטן שאַלעסודעס.
אײנער האָט פאַרצױגן אַן אומעטיקן ניגון,
אַ צװײטער האָט פאַרקוקט זיך לײדיק אױפן הימל,
אַ דריטער האָט געיאָמערט עלנט אױף דער דורע.

— אי, דו־דו,
— אי, דו־דו,
ניטאָ קײן לעבן און קײן רו,
ניטאָ קײן יאָנטעװ און קײן רו.

מע האָט צעבראָכן אַלטן פּלײט
און לעצטע מעושע אָפּגעװישט,
אַלע דערפעלער פאַרמישט,
און זײ פאַרפלאָנטערט און פאַרדרײט
אין אײן קאָמוניִע,
אין אײן קאָמוניִע.

אונדזער ברױט — ניט אונדזער ברױט,
ניט אונדזער פעלד, ניט אונדזער װאַלד,
מע שלעפּט די פּױערים מיט געװאַלד

דורך קאָמוניִעס צום טויט,
אָ, דאָליא נאשא,
דאָליא נאשא.

ס׳איז גוט געווען אַליין מיט זיך,
אַן אייגן שטוב אינמיטן הויף,
און קומט פאַרנאַכט, די קלענסטע צענויף
די פולע טשערעדעס מיט פּיך,
אָ, דו־דו, מײַנע,
דו־דו, מײַנע.

איצט שטאַרבט דער זאַטער באַלעבאָס
אַף פעטע ערדן פון ראַסיי
און ס׳וואַלגערט זיך אַף טויטן שטרוי
דער הייליקער יִסוס־כריסטאָס,
אָ, אָטשע נאש,
אָטשע נאש.

דו־דו מײַנע,
שפּיל, דו־דו,
ניטאָ קיין לעבן און קיין רו...
ניטאָ קיין יאָנטעוו און קיין רו...

זײַנען זיי געזעסן אַלע אַף דער בימע
און שווײַגנדיק געפּראַוועט א טויטן שאַלעסודעס.
איינער האָט געיאָמערט עלנט אַף דער דודע,
דער צווייטער האָט פאַרצויגן אַן אומעטיקן ניגון,
דער דריטער האָט פאַרקוקט זיך ליידיק אַפן הימל:

— ווי צום שאבעס שוין און ווי צום זונטיק.
אלע הייליקייטן גייען אונטער.

ווען אלע טעג פון גאָט שוין ווערן גלייכע,
ווען מען ארומפויזען איצט אף די בייכער...

עס רוקט זיך אָן אף אונדז א גרויסער אומעט,
א גרויע וואָכעדיקייט נעמט ארומעט,

מיר בלייבן נאקעטע, מיר בלייבן הוילע.
אָ, גאָט אלמעכטיקער, אָ, שמא־קוליינו.

האָבן אלע שוין פארצויגן אן אומעטיקן ניגן:

— ניגן־ניגן־ניגן־ניגן.
האקויל האָוועל—אלץ איז ליגן.

ניט קיין מאמע, ניט קיין טפילעס.
זינגט:—„מארוסיא אטראווילאס!"

5 ——

און ווען עס איז דער אָנמאכט דערגאנגען ביזן הימל,
האָבן זיי פארלאָזן שווייגנדיק די בימע.
זיי האָבן זיך צענומען מעשוגע אין האקאָפעס.
— דאָ איז אונדזער ענדע
און דאָדערט—אונדזער סאָף איז...

באלד זײַנען געקומען אַלע מיטאַמאָל,

אָרעמע,
צעשראָקענע,
פאַרלאָרענע
צו־גאַסט.
פידל־פלייט,
צימבל־באַס,
פידל־פלייט־און פּײַפּיאָל.

זײַנען זיי געשטאַנען אומעטיק־פאַרשעמט
און אויסגעצויגן שטיל די פּאָרמעטענע הענט.

וואָס מע וועט זיי געבן דאָרט, דאָס איז גוט.
פידעלע, זיי וועלן זיך באַלד שווענקען אין דײַן בלוט.

יאָשקע—אַף דער פידל,
בערל—אַף דער פלייט,
שפּילט זשע אויס אַ לידל
וועגן אײַער טויט.

— געווען אַמאָל קלעזמאָרימלעך
אַף כאַסענעס דערפרייט,
אָרעמע, פאַרלאָרענע
פון „פּאָליש אַף דער קייט".

פלעגט אָנקומען צו ייִדן נאָר
די סימכע צו־גאַסט,—
איז יאָשקע—אַף דער פידל
און בערל—אַפן באַס.

איז יאָשקע — אפּ דער פידל
און בערל — אפּ דער פלייט —
א ריקודל, א ניגנדל,
א האָפּקעלע, א פרייד.

קלעזמאָרימלעך אפּ מאָלצײַטנ
באַם זיסנ טיש — געשמאַק.
איצט שטאַרבנ די אַמאָל־צײַטנ,
האָפּ־טשיק־טשאַק.

קיינ מארשאלעק, קיינ כאַסענעס,
קיינ קאָשער־טאַנצ, קיינ שער.
אינ יאָרנ אויסגעלאָסענע
מע דאַרפ שוינ אונדז ניט מער.

— טאָ שפּילט, קלעזמאָרים, שפּילט, קלעזמאָרים,
סײַ־ווי־סײַ שוינ אלצ פאַרלאָרנ.

— שפּילט, קלעזמאָרימלעך, פאַר גאָט און
פאַר דער מאַמענ, פאַר דעם זונ.

גאָט, גאָט, גאָט, גאָט,
פונ הערשער און פונ פאַריער,
ס'גייט פאַר דיר איצט א פּאָקסטראָט
דער רעבעניו און מאַריע.

אירע אויגנ זײַנענ בלוי,
זײַנע זײַנענ שוואַרצע.
און ער דריקט זי פעסט אזוי
נעענטער צום האַרצנ.

זי—אין רוישיקײַט פֿון זײַד,
ער—אין קראפּט פֿון צעדער.
און עס פּליעסקעט בא דער זײַט
דער הייליקער סאנהעדרען.

אויב פארגאנגען איז די זון
און ס׳רוקט זיך אָן די שקיִע,
זאָל זי נאָך א צווייטן זון
אין געטלעכקײַט און צניִעס...

העכער, ברייטער, מאכט דעם קרײַז
נאָכאמאָל א נעס קען — — —
און עס שטייען גרוי־און־גרײַז,
שמייכלען צו און פּליעסקען.

העכער־העכער־העכער־הייב,
פרייד פֿון טשארלסטאָנען!
און אין ווײַרעכדיקן רויך
טראָגט זיך די מאדאָנע.

פארשאָרן זײַנען אירע האָר,
וויגן זיך די לאָקן.
און זיי טאנצן אם אן אָרט:
שאָקל־שאָקל־שאָקל.

ס׳גייט די שײַן פֿון יידיש פאָלק
מיט שענסטער פֿון די פרויען
און מע זינגט דאָ אפּן קאָפּ:
האלעל־הא־לע־לו־יע.

אי־נאָך,

אי, נאָך!

אונדזער וויי און אונדזער בראָך

לאָמיר היינט דאָ שטילן.

איינער גייט

שטילערהייט

און דער צווייטער—

זאַלבאַצווייט,

און פאָרלאָרן און פאַרדרייט

דרייט זיך שווינדל דער דריטער.

און דער פערטער:—האָך! האָך!

און דער פינפטער:—אי, נאָך!

אונדזער וויי און אונדזער בראָך

ביז לעצטן טויטן פּאָך,

פּאָכן אין קאַדרילן.

פון דער סטעליע ביז די ווענט—

וויגנדיקע שווארצקייט.

סייפער־טוירעס—אף די הענט,

צלאָמים—אפן הארצן...

טויב־שטום.

קראַנק־קרום.

דרייט מען, גייט מען

רונד־ארום.

און פאַרמאַטערט:—ה־אָך, ה־ה־אָ־אָ־ך.

און פארמאטערט:—אי, נ־אָ־כ־כ.
אונדזער וויי און אונדזער בראָך:
שטויב
און אש
און טויטער מאָך.
— אָ־כ־כ־כ — — — —

6 ——

— אום? גראָד?
— גראָד? אום?
— וואָס וועט מאָרגן טרעפן?
שטיל.
שטום.
מע האָט די טיר געעפנט.

ווער גייט, ווער קומט אינמיטן דער נאכט?
ווער האָט די טירן און פענצטער באוואכט?
ווער האָט צעטרייסלט די נאכטיקע רו? — — — —
ג. פּ. או! ג. פּ. או! ג. פּ. או! ג. פּ. או! ג. פּ. או!

— — —

ראמזינס—אזעפס!
ענג אײַך אין מײַן לאנד!
איר גייט ארום מיט קעצישקײַט אין טריט...
אין בענקשאפטן נאָך געטלעכן איפּריט,
און איך וועל אײַך באלד שטעלן צו דער וואנט,

איך בין אליין דער אייגענער קלייזיַיען,
און ס'וועט מײַן האנט ניט ציטערן פאר פרייד.
און טראכטן וועל איך דעמלט שטילערהייט:
— קאַין, קאַין.

איך גרייס זיך איצט מיט דעם, וואָס אַפ מײַן ערד
שטייט און וואכט א שטאָלצע ג.פ.או.
אין יעדן בלענד פון שארפן שווערד —
די אָפּגלאנצן פון קומענדיקער רו...

7 —

פרימאָרגנס און מענגעס. זינג. געזאנג.
מענגעס און פאָנעס און מונטערער גאנג.
שולן צעעפנט. אום?—גראָד!
קלייסטערס צעעפנט. אום?—גראָד.
און ס'הילכט שוין די שטאָט
אונטער מונטערן טראָט.

ארבעטערקעס, ארבעטער, קוסטארקעס און קוסטארן
גייען נאָך א פריילעכער און גאָלדענער לעווייע.
אפּאָנעם, אז דער בארמענער איז קיינעם שוין ניט טײַער,
ווײַל קיינער טוט ניט יאָמערן און קיינעם טוט ניט ארן.

ווו זײַנען די זאָגערקעס און ווו די שווארצע מיטע?
אומגעלומפערט ראנגלט זיך א פריילעכער אָרקעסטער.
רויִק, ברידער־ארבעטער, רויִק, ברידער־שוועסטער,
לאָמיר נאָר ניט אופוועקן דעם בארמענער אין שליטן.

ווער איז דאָס דער באַרמענען? און ווער איז דאָס דער פֿייגער?
ווער איז דאָס געשטאָרבן דאָ? ווער? און וואָס? און וועמעס?
לאָמיר איצטער אָפּזאָגן דאָ: באָרוך דאַיאָן עמעס.
געשטאָרבן שוין דער זונטיק־דיקער, שאַבעסדיקער שטייגער.

שפּאַנען פֿערד פֿאַרוויקלטע אין ליכטיקע טאַלייסים,
גײַוועדיק און יאָנטעוודיק אין פֿאָרכט פֿון די פּאַפּאָנעס.
מאַכנעס־מענגעס מונטערע—קאָלאָנע נאָך קאָלאָנע
און שליטנס שווער באַלאָדענע מיט ברוך און... שיידים ווייטן.

הליאַקעס ברוינע־בײַכיקע, פּוזאַטע סאַמאָוואַרן,
אויערינגלעך און פֿינגערלעך פֿון די „טאַבאַאַס־קדושן,"
הענגלײַכטער פֿאַרגאָסענע מיט כיילעוו פֿון יערושע,
מיט טאַנע־באַרע, ברעטער־טאַרע, טאַרי־ראַסטאַבאַרי.

גלעקער געלע־וואָגיקע מיט אָפּגעהאַקטע צונגען,
ווי פֿריידן שווער פֿאַרבלוטיקטע, נאָר וואָס פֿון דער שכיטע.
און ס'ליגן דאָ פּאַרטוליעטע אין שאַבעסדיקן ציטער
בעכערלעך־כאַזיירימלעך נאָך ווײַסינקע און יונגע.

פֿון שליטנס טראָגט מיט ווײַרעך־רויך, מיט היימישקײַט פֿון אויוון,
מיט אָפּגעניצטן לידעלע פֿון—„ראָזשינקעס מיט מאַנדלען"...
און ס'דאַכט—עס ליגט אין שליטן דאָ מיט ליפּן־צוקערקאַנדלען
אַ וואָלענע, קורצזיכטיקע סאָרעניר־באַס־טויווים.

מע וועט עס אַלץ אַוועקפֿירן אין שטרענגן קרעמאַטאָרי,
ווו ס'וואַרטן ניטדערבויטע נאָך און גלאַנציקע מאַשינעס.
דאָרטן וועט דער באַרמענען זײַן טיקן שוין געפֿינען—
אין האַרטע רייד פֿון טראַקטאָרן און רעווען פֿון מאָטאָרן.

רעדער־רייד,

רעדער־פרייד,

רעדער ריידן הארטערהייט.

דרײַונדרײַסיק טראקטערן ריידן אפן טראקט,

דרײַונדרײַסיק טראקטערן רײַסן אוף דעם טראקט,

רײַסן־רײַסן

פלאכטעסווײַז

און —

גיבערדיק־געשמאק.

8 ——

הילכיקע ראכוועס. געהארכזאמע זון.

טראקטערן ריידן מיט הארטן געברום.

דרײַסיק דרײַ טראקטערן. נאָך. נאָך.

רײַסן דעם קויעך פון זעטיקן מאָך,

רײַסן די ערד מיט אן אײַזערנעם קאם.

און ווייכע פאלאָסעס, ווי כוואליעס אין יאם,

ווייכע פאלאָסעס—געדרום־און־געראם,

ווייכע פאלאָסעס—ביזן כאפ מיטן אויג.

און פרילינג וועט קומען מיט שעפע פון רויג,

מיט רויגן,

אין זויגן

ביז גרונטן

צעמישט...

און סאָווירטן וועלן זײַן

און קאָלווירטן וועלן זײַן

סאָציאַליסטישע.

דער טאָרף וועט א ריס טאָן פאַר טויזנטער דוירעס,
פאַר הונגער, וואָס האָט אין זשאַלייקעס געסטיינעט.
ער וועט זיך פאַרכלינען אין ערדענע ווייַנען
און פּלוצלונג א וואַקס טאָן אין גרינער העפּקיירעס.

אין זאַטקייט פון טוועס, אין קליאַקן פון פּרוכטן,
וועט זיך סטאַלירן דער זיסער שיגאָען.
די ערד וועט דעם קויעך פון אייזן פאַרזוכן
און לייגן זיך שטיל אונטער האַמער פון בויונג.

עס וועלן דאָ מעזשעס קיינמאָל גאָר ניט גרינען.
און פּלויטן און פּליינען איז דאָ ניט פאַראַן גאָר...
עס וועלן די טראַקטערס אַ ראַכוועס געפינען —
הולייַ! און הולייַ ביז אריבער די ראַנדן!...

און פאַרטאָג, און פאַרנאַכט, אונטער זון און לעוואָנע
אַרבעט אָן אופהער די טראַקטער־קאָלאָנע.

פאַרטאָג — איז דער טראַקטער אין קופּער געקליידט.
באַטאָג — איז דער טראַקטער פון גינגאָלד געלייט.
פאַרנאַכט — איז דער טראַקטער געקאָוועט פון שטאָל.
באַנאַכט ווערט דער טראַקטער — אַן אויג און א קאָל.

באַנאַכט אין דער שווערער און טויקער וואַכטע
קרייצן זיך סליאַדעס פון וועלף און פון טראַקטערס,
קרייצן זיך אויגן פון וועלף און פון טראַקטערס...

א גרינער וואָלף אין בייזער פעל
מיט רויטע הונגעריקע אויגן.

ער שטעלט זיך אָפּ באַם ראַנד פֿון פֿעלד.
דער גוף דער דאַרער אויסגעצויגן.

זײַן פֿעל איז פֿײַכט. זײַן פֿעל איז אַלט.
אַ יאָמער שטעקט אים אין די ציינער...
עס ווערט שוין הילכיקער אין וואַלד,
אינמיטן נאַכט — אַ וואָלף אַליין נאָר.

אַוווּ זיך אומשלעפּן? אַוווּ?
ווען ס׳האָט דער וואָלף קיין פּיצל וואַלד ניט?
— אַ־ווו־אַ־ווו? אַ־ווו־אַ־ווו?
ווען פֿעלדער יאָגן זיך און גוואַלדעווען?

— אַ־ווו־אַ־ווו? אַ־ווו־אַ־ווו? — — — —
און ער פֿאַרכלינעט זיך אין וואָיען
ביז גרויל, ביז עלנט, ביז שיגאָען,
ביז לעצטן וואָי און לעצטן רוף.

אַ יונגער טראַקטער ווערט געפֿירט
און סטײַעס טראַקטערן — פֿונהינטן.
און ס׳הינקט דער וואָלף אַף אַלע פֿיר,
און ווייס דעם גרויל ניט ווו אַהינטאָן.

סטײַעס מיט טראַקטערן,
וואַטאַגעס מיט טראַקטערן,
נאָך. נאָך.
רײַסן דעם קוויעך
פֿון זעטיקן מאָך — — —

9 —

זעט! ! !

פון ווארעמען, פוכקן מאסיוו
שפארט די ברייטפלייציקע זעט
פונדערהייך,
פונדערברייט,
פונדערטיפ.

זאנגען באלאָדענע פול מיט א קויב,
פון אייגענער שווערקייט פארמאטערט,
זיינען ביז וואָרצל אין זעטקייט פארגלויבט,
בויגן זיך שטיל אין גינגאָלדענעם שטויב
און זעען אין שלאָפ עלעוואטערס...

אין קרוכקע, צעוואקסענע קיילעכן־קרויט
סקריפעט דער ווינט מיט א זילבערנעם כרוסט.

גוטמוטיקע בולבע — אין גאָב און אין גוטס —
אונטער יעטווידער קאָליעווע צענדליקער טוץ.

יעדע פיצעלע ערד — אין געבורט און אין זריע.
און ס'האָט דער מאסיוו זיך פון שעפע צעשריען...

1 —

דער דאמפ איז געדולדיק־געטרײַ
דער פעסטקײַט פונ אונדזערע הענט.
טאָרפ וועט דאָ ווערנ פארברענט,
אמ ווערנ געבאָרנ אפסנײַ.

ער קומט פונ דעמ ברוינעמ באסײנ
אונ לײגט זיכ אינ בונקערס געשמאק.
פונ דאָרט וועט דער אוראלטער שלאק
ווערנ געלײַטערט אונ רײנ.

אינ בראנד, אינ געיאָמער פונ שײַנ,
אינ שרעקלעכנ שרײַענ פונ דאמפ,
וועט די טורבינע אינ קאמפ
טרײַבנ דעמ ליכטיקסטנ ווײַנ.

פינפהונדערט טויזנט די קראפט.
(א שארבנ. צוויי קנאָכנ. אונ — „טויט")
אונ ס'זײַנענ די פידערס דאָ גרייט
אונ ווארטנ אינ אָנשטרענג פארגאפט.

אלצ איז געגרייט צומ טערמינ
דערפרייענ קאָלווירטנ אונ שטעט.

און ס'וואַרטן מאַשינ אַף מאַשינ —
אויפֿעקגיינ אינ גרויסנ געוועט.

זײַנען די נערוון פֿאַרדרייט.
און קייטיק באַוואַקסנ מיט בערד:
דער הייצער, דער אינזשענער
און דער סעקרעטאַר פֿונ פּאַרטיי.

מעסלעס נאָכ מעסלעס ניט גערוט.
פֿאַרדרייט און פֿאַרפֿײַלט יעדנ שרויפֿ.
— פֿאַרענדיקט? — פֿאַרענדיקט. און — גרוט
ציטערט דאָס בלוט אונטער שלייפֿ.

— ס'איז אַרבעט פֿאַראַנ נאָכ? — פֿאַראַנ
און יאָנטעוו — ביז איבער גענוג
אײַלט איצט א צוג נאָכ א צוג,
מע עפֿנט דעמ סטאַלינסטאַנ.

2 —

גאַנצע 3 יאָר האָט די בויונג געדויערט.
ווײַסרוסישער טרויער
אינ ציגל פֿאַרמויערט —
סטאַלינסטאַנ.

אַף סאָרפּנ צעפֿוילטע, אַף ברוינע, אַף גרינע,
אינ פֿלינקע טורבינעס
וועט כּיעס געפֿינענ —
סטאַלינסטאַנ.

דורך דיקע געפלעכטן פון אָדערן־דראָטן
וועט אוראַלטע בלאָטע
איצט אופגיין געראָטן —
אין סטאַלינסטאַן.

איילט איצט אַ מונטערער צוג בריגאַדירן,
דורך אָפענע טירן
ער וועט אונדז דערפירן —
קיין סטאַלינסטאַן.

צוזאַמען מיר האַלטן זיך איצטער אין הוידען.
פעלד. וואַלד.
עס ווילט זיך איצט ריידן,
נאָר וואַרעמע פריידן
שטיקן אין האַלדז.

... פראַצע, די אַרבעט, די פרייד־האָרעוואַניע,
און כ׳האָב זיך צעהוידעט פאַרטראַכט.
און פלוצלונג פאַרצויגן אַ שטילע „סטראַדאַניע״
און גליקלעך די אויגן פאַרמאַכט...

הוידע מיך, הוידע מיך, צוג פון מיין יוגנט,
מיט רעלסן צעדולטע אין לויף.
כ׳בין היינט מיט יאָנטעוו ביז איבער באַנוגנט,
נעם איך זיך שטילער צונויף — — —

... קינעלקעס ברענען אין גרויען ווייטרוסלאַנד,
ליכטלעך־פאַרכאָלעמט און דין.

מײַן טאַטע דער װאָכעדיק־מונטערער שוסטער
אַרבעט באַם קנאַקן פֿון קין.

שמעקט מיט בעריאָזע, מיט פּראַצע יוכטאָװער,
קינעלקעס שפּריצן אַראָפּ...
און ס׳קלײַבן זיך שאָטנס, װי טונקעלע סאָװעס,
און בויגן באַם טאַטן דעם קאָפּ...

איך װיל ניט. איך װיל ניט. מײַן טאַטע איז — מײַנער!
איך װיל עס זאָל ליכטיק אים זײַן.
און פּלוצלונג פֿאַרציט ער אַ שטילע „סטראַדאַניע״,
שלאָף איך אַ קלײנינקער אײַן...

הוידע מיך. הוידע מיך. ציטערן שויבן.
דער צוג נעמט איצט שעטעכן אײַן.
מײַן לערערן זעט איצט אין װאַרעמע גלויבן,
װי ס׳קװעלן אָן לעמפּלעך מיט שײַן...

אין שטעטל, אין יענעם, פֿון יענער פּאָעמע,
װאָס איך האָב פֿאַרענדיקט ניט לאַנג,
האָט זי געקענט נאָר דורך נעפּלען באַנעמען
דעם װײַסן עלעקטרישן צאַנק...

זי האָט נאָר אין כאָלעם געזען די טאָרפֿן,
פֿון יאַנטעװו אַזאַ ניט געװוּסט.
און כ׳האָב זיך צום אָפֿענעם פֿענצטער געװאָרפֿן:
— איך שיק דיר פֿונדאַנען אַ גרוס!

... און אױף די פֿרישע קאָרפּוסן און אױף די הײכע װענט
אָטעמט נאָך די װאַרעמע באַגײַסטערונג פֿון הענט...

בריגאדעס הייסע־העפטיקע אין פרייד פון שלאָגלעריי
האָבן אָט די געגנט דאָ פון איינזאמקייט באפרייט.

זיי האָבן דאָ געבונטעוועט מיט ציגל און מיט ליים,
געבונטעוועט־געגרונטעוועט און מונטערקייט פארלייגט.

דאָ האָבן זיך נאָר בושעלעס אין ווילדקייטן געשפייזט.
זומער — קויטיק־כליופיקייט, ווינטער — טויטער אייז.

קיינער פלעגט ניט דורכפאָרן און קיינער פלעגט ניט גיין.
עס פלעגן נאָר די וועלפיכעס אין עלנטקייט פארגיין...

אין פארוויינטע אָזערעס האָט הימל זיך געוויִקט
און ס'האָט די זון פון ליידיקייט זיך בלינד געמאכט אן אויג.

שטייען איצטער קאָרפוסן. און אף די פרישע ווענט
אָטעמט נאָך די ווארעמע באגייסטערונג פון הענט...

אינדוסטריע, אינדוסטריע, דו שלעפסט נאָך זיך מיין לאנד...
רויִקער.
עס עפנט זיך
דער —
ס ט א ל י נ ס ט א ן.

סטאלינסטאן,
סטאלינסטאן,
ווער איז דאָ בא דיר פאראן? —
פון פארטיי,
פון פאריין.

און ווער ס'האָט אליינ
זיכ געלאָזנ אינ גיינ,
האָט א מענטשישע קייט
אימ פארכאפּט און פארדרייט
און מיט אלעמענס פרייד
אימ געבראכט און דערטראָגנ אהערצו.
רויקער. ס'ריידנ איצט הערצער.
רויקער. וויקער.
ס'הערט זיכ:
— אל־לאָ!
— אל־לאָ!
— אל־לאָ!
— אינ דער־אָ דערהויבענער שאָ
הייבט אָנ די געגנט צו לעבנ!
— וויטעבסק!
— און אָרשע!
— דובראָוונע!
— און שקלאָוו!
— זאהאָריע!
— זאפּאָליע!
— קאפּוליע!
— דערפלעכ פארנורעט אינ שטרייענעם שלאָפ,
— שטעטלעכ—אפ כּאָרעווע קוליעס,
— גרייט זיכ!
עס רוקט זיכ
די הענטסטע
מינוט.
הייס ווערט א שטראָמ טאָנ עלעקטרישע בלוט,
הייס ווערט א שטראָמ טאָנ מיט כּיעס און מוט,

גרייט זיך!

— מע גרייט זיך!

און — — — —

ס׳פּלאַצט די מינוט...

און וויטעבסק — צו מאָסקווע:

— וויוואַט־קילאָוואַט!

און מאָסקווע — צו וויטעבסק:

— וויוואַט־קילאָוואַט!

וויטעבסק — צו אָרשע:

— דו הערסט, בריגאַדיר?

אָרשע — צו וויטעבסק:

— איך הער, בריגאַדיר!

און שטעטל, און דערפל:

— עס לײַכט שוין בײַ מיר!

— דו הערסט, בריגאַדיר?

— עס לײַכט שוין בײַ מיר.

און אַלע צוזאַמען:

— דעם פּינפּיאָר אין פיר!

. . . . . .

טאָרף, דער פּאַרמורזשעטער, שטומער פּלעביי,
דער ברוינער, אָנהעגנטיקער ניכנע.
ער האָט זיך געוואַלגערט אין האַרבסטן, אין שניי,
אין ווייסע, פּאַרוויזשעטע וויכערס...

גאָלדענע וויאָרסטן מיט אייביקער זון
האָבן אין אים זיך פאַרקליבן.
און ער האָט אַליין ניט געוווּסט גאָר דערפון,
דער שטומער, אָנהעגנטיקער גיבער.

א גרויסער פּאַרוואָרלאָז—באַם רוסישן טראַקט,
בא דערפער און שטעטלעך־לישייעס.
אצינד גייט ער אויף אין מאַשינעס־קאָנטאַקט,
אין ווייכע וואָלפראַמאָווע פייערן...

איצט לויכט זיין געזאַנג אפן העלסטן עקראַן,
זיין קויעך — אין יעדן קאָנווייער.
און ס'ציט זיך א ליכטיקער שנור איבער ראַנד, —
א גאָלדענער שנור איבער אונדזערע ווייען...

עס האָבן קאָלווירטן דעם קויעך דערפילט,
צעעפנט זיך טיף און צעוואַרעמט.

עס גייט אופ באגײַסטערט דאָס לעבנ אונ שפילט
אפ אונדזערע טעג־סטראדיוואריס...

איינ ליכט־מאגיסטראל איבער גאנצענעמ לאנד,
איבער גאנצער סאָוועטנ־פלאנעטע.
אונ ס'שווײַגנ פארשעמטע אפ יענער זײַט יאמ
די שטולנ פונ סאקאָ־וואנצעטי...

ניינ, ניט קיינ שטראָפ אינ דעמ שטראָמ איז פארלייגט,
ניינ, ניט קיינ שאָ פונ פארניכטונג...
עס גייט איצט מײַנ לאנד, מיט אנ אָפענער אויג,
איבער לעצטנ באריער —
צו געשיכטע.

איינ גליק־מאגיסטראל. איינ ווארעמער פולס
פונ פּאָליוס ביז פּאָליוס עס דיזלט.
לענינ:
ראטנמאכט פליוס
עלעקטראָפיקאציע,
הייסט —
ק אָ מ ו נ י ז מ.